# ספר יזכור

## לקדושי ביאלה־ראווסקה

געזאַמלט און צונויפגעשטעלט פון
אליהו פריידנרייך און אריה יעקובוביץ

אַרויסגעגעבן פון
„ארגון יוצאי ביאלה־ראווסקה בישראל ובתפוצות"
תל־אביב תשל"ג, 1972

# אל מלא רחמים

אל נא תחשה ותתאפק לדם ישראל שנשפך כמים,
תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה,
במעלות קדושים וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים,
לנשמותיהם של 6 מיליון יהודים, ובתוכם
1000 נפשות של בני הקהילה הקדושה ביאלה ראַווסקה
נשים וטף שנהרגו ושנחנקו ושנקברו חיים
בידי הצוררים הגרמנים ימ״ש ומשרתיהם
פולנים אוקראינים בגלות אירופה במחנות הריכוז
טרבלינקה אושווינצים וסביבותיה
כולם קדושים וטהורים בגן עדן תהא מנוחתם
לכן בעל הרחמים יצרור בצרור החיים את נשמותיהם
ה׳ הוא נחלתם ויזכור לנו עקדתם ותעמוד לנו
ולכל ישראל זכותם. ארץ אל תכסה דמם
ואל יהי מקום לזעקתם, והקדושים לזכרון תמיד
נגד עיניך צדקתם. יבואו שלום וינוחו על משכבותם

ונאמר אמן.

# אַרײַנפיר-וואָרט

30 יאָר נאָכן אומקום פאַראייביקן מיר דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע טייערע ברידער און שוועסטער, פאָטערס, מוטערס, קליינע קינדער, — וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען פון די הענט פון די דייטשע היטלעריסטישע רוצחים און זייערע צוהעלפער. מיט



די צוויי ברידער פריידנרייך, די צענטראַלע געשטאַלטן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ביאַלע ראַווסקע (פון לינקס: ליפּע ז״ל און יבדל לחיים ארוכים עליע אליהו).

אַ בוך לזכר אונדזער חרוב־געוואָרענע קהילה־קדושה ביאַלע־ראַווסקע.

זייער ווייניק יידן זענען פון אונדזער שטעטל עולה געווען קיין ישראל. און גאַר קליין איז די צאָל פון די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט. ביים אויסברוך פון דעם 2־טן וועלט־קריג האָבן זיך געפונען אין ישראל סך־הכל 11 - 10 משפחות, אָפּשטאַמיקע פון

ביאַלע. צוזאַמען מיט די געקומענע קיין ישראל נאָך דעם קריג — זענען מיר איצט דאָ 28 משפחות. אין אַזעלכע באַדינגונגען, אָן שום מאַטעריעלע און געלט־מיטלען, האָט זיך אונדז געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי פאַראייביקט מען זייער אָנדענק, וואָס איז אונדז אַזוי נאָענט צו דער נשמה, ווי אַזוי שטעלט מען אַ מצבה פאַר אונדזער שטעטל ? אונדזער געוויסן האָט אונדז נישט געלאָזט רוען. מיר האָבן זיך געוואָנדן צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע : וועבער, פיליפס ע"ה — זיי האָבן אונדז צוגעגעבן מוט און געשיקט די ערשטע מאַטעריאַלן.

אין 1956 האָבן מיר צונויפגעזאַמלט אַלע אַדרעסן פון די ביאַלער לאַנדסלייט אין דער גאַנצער וועלט. ס'איז נישט געווען קיין איין ביאַלער ייד, וואָס זאָל זיך נישט גלייך אָפּרופן. נישט לייכט איז געווען די אַרבעט פון די געציילטע מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך. אָבער דער הייליקער ווילן האָט אונדז אַלעמען אַרומגענומען אין ליכט פון דער גרויזאַמער טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן אונדזער שטעטל. פאַריתומט זענען מיר אַלע געוואָרן און האָבן באַשלאָסן, אַז מיר מוזן קאָלעקטיוו שטעלן אונדזער שטעטל אַ מצבה. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי די באַגרענעצטע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פון דער קליינער צאָל געבליבענע ביאַלער, וועלן מיר נישט קאָנען אַרויסגעבן דאָס בוך אין אַזאַ פאַרנעם, ווי אַנדערע גרעסערע קהילות. אָבער מיר האָבן דאָס געפיל, אַז מיר האָבן ערלעך דערפילט אונדזער היסטאָרישע און יידישע פליכט.

מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב אויסצודריקן אָנערקענונג לייביש יאַקובאָוויטש פון פתח־תקוה, וואָס האָט געאָפּפערט אַ סך צייט און אָנשטרענגונג בכדי אונדזער יזכור־בוך זאָל דערשיינען. זיינע באַשרייבונגען זענען ממש, ווי ער זאָלן מיטלעבן מיט יעדן געשטאַלט, וואָס ווערט דורך אים געשילדערט. מ'דאַרף האָבן גוטן ווילן און זכרון און אַ סך נשמה צו שילדערן דאָס שטעטעלע אַזוי, ווי ער האָט עס געטאָן, דאָ אין ישראל, נאָכדעם, ווי עס זענען פאַרביי 38 יאָר זינט ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל.

היינט, אין דעם טאָג, ווען מיר פאַראייביקן אייער אָנדענק, קומען מיר אַלע לעבנגעבליבענע יידן פון ביאַלע־ראַווסקע, יונג

און אַלט — און שרייען אויס צו אייך פון דער ווייטנס פון דער באַפרייטער מדינת ישראל, צו אייערע וואַגלענדע נשמות, וואָס זענען נישט געקומען צו קבר ישראל און גיבן אונדז נישט קיין רו — טייערע קדושים פון ביאַלע־ראַווסקע! היינט האָבן מיר אייך בציבור געברענגט צו קבורה — אייער אַש און דאָס יזכור־בוך איז אייער מצבה. מיר שווערן ביי אייער קבר, קיינמאָל אייך נישט צו פאַרגעסן. אייערע נעמען ווערן פאַראייביקט אין אונדזער יזכור־בוך עד סוף כל הדורות. היינט באַגלייטן מיר אייך, קדושים וטהורים, גיבורים — אין אַ לויה. אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט פון מיליאָנען וועט נישט פאַרגעסן ווערן. דאָס געפיל פון נקמה וועט אייביק לעבן אין אונדז.

כל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאילו יצא ממצרים... איבער 600 יאָר האָבן יידן געלעבט אין ביאַלע־ראַווסקע. עדות זענען די מצבות, וואָס זענען געפונען געוואָרן אויף אונדזער צעוואַלגערטן בית־עולם.

עס עקזיסטירט נישט מער די קהילה ביאַלע־ראַווסקע. זי איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשן צוזאַמען מיט דעם גאַנצן אייראָ־פּעישן יידנטום.

שטייען מיר היינט די שארית הפליטה פון ביאַלע־ראַווסקע — אבלים, ביים גרויסן ברודער־קבר פון אַ ברויזנדיקער קהילה, וואָס איז אומגעקומען אויף אַלע מיתה־משונות און מיר טראַכטן: — „ווו איז געווען די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט: קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, קאַטאָליקן, מענטשן־ליבהאָבער, — ווו זענען זיי געווען, ווען יידיש בלוט איז געווען הפקר?...״

פאַרקריצן מיר אין אונדזער זכרון אויף אייביק אייער אָנדענק!

רעדאַקציע

**אַנטהילונג פון דער מצבה אויפן הר-ציון לזכר די ייִדן פון ביאַלע-ראַווסקע**



ב׳ אלול תש״ט — דעם 23־טן סעפטעמבער 1959 איז אַנטהילט געוואָרן די מצבה אויפן הר־ציון אין ירושלים לזכר די יידן פון ביאַלע־ראַווסקע.

דער ה׳ אליהו פריידנרייך האָט מספיד געווען אין נאָמען פון די ביאַלער:

איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט מיט 25 יאָר צוריק, פאַרלאָזנדיק ביאַלע־ראַווסקע, אַז איך וועל דאַרפן מספיד זיין אונדזערע יידן פון ביאַלע.

פאַריתומטע שטייען מיר, די איבערגעבליבענע יידן פון ביאַלע, ביים היסטאָרישן דענקמאָל אויפן הר־ציון אין ירושלים, די שטאָט, וועלכע איז אַן עדות פון אונדזער אונטערגאַנג און אויפקום, ביי דער מצבה פון אַלע ביאַלער יידן.

מיט אַ געפיל פון יראת הכבוד, בייג איך דעם קאָפּ, פאַר אונדזערע טייערע ברידער און שוועסטער, עלטערן און קרובים, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די בלוטיקע מערדער, אין די דערפער אַרום ביאַלע, פאַר אונדזערע 12 קינדער, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן הינטערן שטאָט, פאַר די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט אין די וועלדער און געפאַלן ווי העלדן אין קאַמף. פאַר דער גאַנצער עדה יידן, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם אין טרעבלינקע.

פאַר די אַלע, צינדן מיר, ביאַלער, אַן אַ נר־תמיד ביי זייער מצבה, צום אייביקן אָנדענק, צו אייביקער פאַראַכטונג און צאָרן קעגן די מערדער.

אונדזערע אָרעמע ביאַלער יידן האָבן, ווי אַלע יידן אין פוילן, קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. שווער און ביטער האָבן זיי געקעמפט אין דעם אַנטי־סעמיטישן פוילן פאַר זייער מינימאַלסטער חיונה און אין אָרעמקייט געפירט אַ שיין געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן.

אייביק וועלן מיר פילן אונדזער ווייטיק אויף זייער אומקום, און האָס צו די פאַרטיליקער.

מיר וועלן אייך נישט פאַרגעסן!

אריה יעקובוביץ (ישראל)

## בשער הספר

שנים עברו מאז חוסלה ביאלא, ועדיין לא השלמנו עם אבדתנו, הלב עודנו מתכווץ, בזכרני מה עוללו לנו המפלצות הנאציות. חפשנו דרך איך להנציח את עיירתנו ואת זכר קדושינו ולהציב להם ציון. כשהחלטנו להוציא



לייביש יאַקובאָוויטש

ספר יזכור, לא תארנו לנו שהמשימה תהיה קשה מכל הבחינות. בשלבים הראשונים של הפעולה התלבטנו בעיקר בהשגת החומר. לא קל היה לשכנע את חברינו, שיעלו מזכרונותיהם על הניר. לא בקשנו מאמרים בעלי משקל דווקא. פנינו אל יוצאי ביאלא באשר הם שם, בארץ ובגולה, שיטו שכם למפעל קדוש זה. בתחילה נענו רק מעטים. נגשנו לפעולה מחוסרי נסיון, אך באהבה רבה ובמסירות אין קץ. שום דבר לא היה לנו מן המוכן לא חומר היסטורי ולא תעודות ארכיוניות.

הלכנו בדרך לא דרך. לא אנשי עט כי אם יוצאי עירה אנשים מכל ימות השנה כתבו ספר והנציחו את קהילתם הדויה, כאשר עשו קהילות גדולות. החומר אינו שיגרתי אבל הוא משקף את עיירתנו. כתבנו כפי שיכלנו, ספרנו את אשר זכרנו והצלחנו להנציח את דמות העיירה. הלכנו בתיאורים מבית לבית והצבנו ציון לנפשות היקרות תיארנו את אורח חייהם של בני עיירתנו החל מן הדור שעבר. ספרנו על הערכים שעליהם התחנכנו נתנו תמונה מקיפה על העיירה... בתי תפילה, החברות, המוסדות, המפלגות, ועל הכל הבאנו את פרשת החורבן מפי שארית הפליטה. היתה לנו הזכות לטפל בחומר „יזכור". אמנם השפיעו היגון והצער בגביות עדות על חורבן והחיסול הטראגי של קדושינו. היו ימים של זוועות ולילות יגונם בעבודה הזאת, אך היו גם שעות של התייחדות עם העבר כאילו חיי וקיים עוד הבית בעיירה. לאור הזכרונות קמו דמויות נשכחות כאילו האתמול לתחיה. הופעת ספר יזכור הנהו מאורע רב ערך ליוצאי ביאלא באשר הם שם. יצויין בברכה בני עירנו באשר הם על הגישם לנו גם עזרה כספית.

לכם ילדים אשר לא הכרתם את העבר על הוריכם. נקדיש מלים מספר עם הופעת ספרנו, גדלתם בארץ הגאולה והדרור, והגולה הדוויה מדור דורות אינה קרובה אל לבכם וזר לרוחכם העבר על הוריכם. במפעלנו הקדוש הוצאת ספר „יזכור" מלאנו חובה לא רק לקדושינו ולזכר עיירתנו אלא גם לכם הצעירים. לא זכיתם ילדים לראות בקרבתכם סבא וסבתא ולשמוע מפיהם על מעשים וימים שהיו, תעיינו בספר שלנו היקר לנו מכל! זכר יחידי זה שנשאר לנו המגולל את פרשת ביאלא ולעיניכם התגלה עיירה יהודית טיפוסית אחת ממאות העיירות בגולה שהיו, שאינן עוד ושלא יהיה להן המשך. ספרנו לעצמנו וספרנו לכם על מה שהיה וחלף לעולמים. הספר שלנו הוא גם שלכם כבדוהו וקראוהו.

הועד למען ספר יזכור לקדושי ביאלא ראווסקא לקח על עצמו משימה קדושה להנציח את קדושי עירנו במצבת זכרון. טיפוח ועידוד זכרון עצם החורבן והשואה. בחינת זכור מה שעשה לך עמלק בדורנו. עברו 29 שנים מהחורבן והשואה מאז נרצחו אנשי קהילת ביאלא והפצע לא הגליד ולא יגליד לעולם. והכאב הפנימי בלב כל אלו שנשארו בחיים ישאר לעולם. מצבת זכרון בצורת ספר זה ישאר לדורות הבאים אחרינו. אנו שארית הפליטה מצווים לרשום ולתאר את הווי עירתנו על חיי הרוח והחומר שלה. וכל זמן שהנשמה באפינו אל נשכח ואל ניתן לשכוח את הפשע שאין לה תקדים בכל ההיסטוריה של האנושיות שנעשה להורינו, אחינו ואחיותינו, משפחתינו וידידינו ע"י הצוררים הגרמנים הנאצים וישאר לנו לעולם הכאב נגד הפשע הבלתי ניתן לסלוח.

לכל אלו שבצעו את מעשי הרשע הבלתי אנושי להשמדת עם ולהתנפלות כחיות טרף על אנשים החפים מפשע ואינם מוגנים נגד הרוצחים שלא ידעו רחמים. דם הטהורים והקדושים קורא לנקמה.

ספר צנוע זה הוא פרי עטם של בני עיירתנו, לא סופרים ולא בני סופרים אלה שהקדישו ממיטב כוחם ורחשי לבם, יבואו כולם על הברכה, אשר סייעו בידי המערכה בהושטת חומר, תמונות וצילומים. ורב תודות לאלו שעזרו לנו בכספם ביד רחבה.

הוצאת ספר היזכור היא פעולה נעלה וחשובה מאוד, בפעולות אירגוננו ביאלא־ראווסקא. הספר הזה צריך לגשר בין אנשי ביאלא המפוזרים בכמה ארצות כגון — ישראל, אמריקה, ארגנטינה, בלגיה, קנדה וכו׳. מטרת הוצאת הספר יזכור ברור לכולם, כי אנו רוצים להתיחד עם עברנו הקרוב ולהקדישם לזכר קדושי עירנו.

קשה להעלות על הדעת שאלה הם אנשי המציאות הקרובה שלא חיו אתנו ובתוכם. ישמש לנו הספר הזה מצבת זכרון לדורי דורות על הקברים הבלתי ידועים של יהודי ביאלא שנרצחו, נחנקו, נטבעו והושמדו באופנים שונים, יחד עם כל יהדות פולין על ידי היד הזדונית הרצחנית של הגרמנים ימ״ש.

אליהו פריידנרייך (תל־אביב)

# נזכור

ס׳האָט נאָר געדאַרפט אויפטויכן דאָס ערשטע בילד, געבוירן ווערן דאָס ערשטע וואָרט, בכדי צו קאָנען שאַפן דאָס דאָזיקע בוך. אַלץ איז אָנגעקומען אַזוי ווייטיקלעך, שווער. דאָס בילד, דאָס וואָרט, איז ווי אַ געשריי געלעגן אין בלוט, פאַרגליווערט, מיט טרעבלינקע־אַש אויסגעמישט. וויפל כוח דאַרף מען האָבן אויף צו צעאַקערן אַזאַ קבר... קנאַפּע דרייסיק יאָר האָט עס געדויערט. ווי אַ בת־קול איז עס אונדז נאָכגעגאַנגען: איר פאַרגעסט אונדז!...

און זייער רוף איז דערהערט געוואָרן. די דריי צענדליק פאַרבליבענע ביאַלער יידן האָבן פאַראייביקט דעם הייליקן אָנדענק פון די קדושים.

פון גאַז־אויוונס, פון תליות, פעלדער און וועלדער, — פון וואַנען דען נישט? — האָבן מיר זיי אַרויסגעבראַכט די טייערע, ליבע געשטאַלטן. ביאַלער יידן, — יידן וואָכעדיקע, שבת־יום־טובדיקע, תלמידי חכמים, פּראָסטע, אינטעליגענטע, פאַרשמחהטע, פאַרצערטע, טייערע, האַרציקע, גוטע... מיט זייער אומשולדיק בלוט האָבן זיי געהייליקט אונדזער היסטאָרישן אומגליק.

דרייסיק יאָר נאָך זייער טויט, האָבן מיר מיט דעם בוך אויפגעדעקט דעם גרויזאַמען קבר. איך זע ווידער די אײדעלע פּנימער — בערדיקע, באַשטריימלטע, שטילע; ווידער גייען די שאָטנס צום דאַווענען, צו דער אַרבעט, אין קראָם; איך זע די אײדעלע יידישע מאַמעס מיט די קרבן־מנחה־סידורס אונטערן אָרעם, פאַרזאָרגטע, צאַרטע, זיי גייען צו דער שבתדיקער תפילה; איך זע די באָבעס, הער זייערע פאַרבענקטע ניגונים, מיט וועלכע זיי פלעגן אין די שבתדיקע בין־השמשות זאָגן מיט די קינדערלעך „גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב"; איך זע די טרעגערס, פורמאַנעס, שניידערס, — אָט די יידן, וואָס האָבן אַזוי שווער געהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך, און שבת, אויסגעפּוצטע, יתירהדיקע, מיט אַלעמען גלייך; איך זע די תורה־לערנענדיקע יינגלעך, שטיפערישע, מיט

גלעקלדיקע שטימעלעך; איך זע די יידישע צניעותדיקע טעכטער, ערב־שבתדיק אויסגעצוואָגענע, פֿאַרבענקטע; פֿאַר מיינע אויגן שטייט דאָס גאַנצע שטעטעלע, די אויסגעקרימטע געסלעך, אַלטע הייזקעס, דער מאַרק, הילצערנע פּלויטן, הינטער־הויפן, וווּ ס׳האָט זיך געטוליעט די יידישע אָרעמקייט.

איך פיל, ווי יעדעס וואָרט מיינס ווערט אַ טרער. מיין פעדער איז איינגע־געטונקט אין בלוט.

איך זע אויך אַ העלע זעונג: אונדזערע זין פון שטעטל, וועלכע האָבן געקעמפט מיטן אומגלייכן שונא, אין דער פּאַרטיזאַנטקע, און ווען קיינער איז שוין אין ביאַלע נישט פֿאַרבליבן — זענען זיי אַריבער אין וואַרשעווער געטאָ, דאָרט העלדיש געקעמפט און איך זע אויך אין מיין בלוטיקער וווּנדן־וויזיע, ווי מען פירט מיינע טייערע ביאַלער יידן אין זייער לעצטן וועג: איינ־געשרומפענע שאָטנס, הילפסלאָזע, פֿאַרלוירענע, אַלטע און יונגע, קראַנקע, — קינד און קייט.

די הימלען זענען געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַר זייערע תפילות און די וועלט האָט געשוויגן נאָך לאַנג נאָך זייער לעצטן גסיסה־זיפץ, וואָס האָט זיך אַרויס־געריסן פון די גאַז־קאַמערן.

ווי אַ רוף פֿאַר די איבערגעבליבענע: געדענקט! נקמה!... — וועט דאָס יזכור־בוך זיין נישט נאָר אַ בוך צווישן ביכער אין ספרים־שאַנק, נאָר אַן אויסדרוק פון טיפן קאָלעקטיוון טרויער פון אבלים נאָך אונדזער אומגעבראַכטער קהילה. דאָס בוך וועט זיין נישט נאָר אַ דענקמאָל פֿאַר די אומגעקומענע, נאָר אויך אַ מאָנונג פֿאַר דער וועלט און דער שארית הפליטה.

מיר, די לעבנגעבליבענע ביאַלער יידן, שווערן ביי די ווייטע, טיפע גריבער: מיר וועלן אייך נישט פֿאַרגעסן! מיר וועלן געדענקען!

נ ז כ ו ר !

# ג ע ש ע נ ד ע ט ע ק ב ר י ם
# אויפן בית-הקברות אין ביאַלע-ראַווסקע



שקצימלעך שפּילן זיך אויף אונדזער פאַרוויסטן בית־עולם. אין הינטערגרונט איבערן טייך „אופּוסט״, אונדזער פאַרוויסט שטעטעלע ביאַלע



אַ לעצטער ברוך־שטיק פונעם געשענדעטן פאַרוויסטן יידישן בית־עולם אין ביאַלע־ראַווסקע



די מצבה פון הענע־ראָשע יאָסעלעוויטש, אַ טאָג פאַרן צעברעכן זי



עטלעכע ביאַלער יידן — הערשל אַרטמאַן און ברידער קופערשמידט — געזעגענען זיך מיטן געשענדעטן בית־עולם, פאַר זייער עולה זיין קיין ישראל, אין יאָר 1957.

# די איינציק-געבליבענע מצבה אויפן ביאַלער בית־הקברות



מרים קאָפּער־ראָזענבוים (היינט אין קאַנאַדע) — באַלד נאָך דער באַפרייונג איז זי אַרויס פון איר באַהעלטעניש, ביי אַ פויער אין אַ דאָרף. זי איז געווען בלינד און געגאַנגען אָנגעלענט אויף צוויי שטעקנס. דאָ שטייט זי אויפן ביאַלער בית־עולם ביי איינער פון די לעצטע מצבות. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די חזירים־פּאַסטעכער די מצבה צעבראָכן.

אריה יקובוביץ (פתח-תקוה)

## סקירה היסטורית על עירנו ביאלה ראווסקה

קשה לקבוע בודאות מוחלטת באיזה שנה התחיל הישוב היהודי בביאלה. ישנם קהילות יותר גדולות ומפותחות בכל זאת גם כן לא ידוע ממתי התחיל ישוב הקבע של היהודים. ההיסטוריה היהודית העשירה באירועים מזמן שהיהודי לקח מקל הנדודים, ולא נתנו ראשו להניח, לא היה לו פנאי לכתוב ההיסטוריה שלו. אמנם יש ערים קטנות שמפורסמות וכולם יודעים להרחיב ההיסטוריה שלהם, יש גורמים לפירסומיהם. ישנם ערים ודווקא לא גדולות, שהודות למאורי הרוח ששרתו בהם זכו ששמם נשמע ומוכר בכל קצוי העולם. ישנם ערים שפנקס החברא קדישא היה מוקדש לספר ההיסטוריה הרשומים בו כל המאורעות החשובים בחיי עם, וזה נמשך לדורות כדוקומנט היסטורי. והערים שזכו שגדולי היהדות שרתו בהם והוציאו ספרים שנשארו לדורות הם רשמו בספריהם הרבה מן העבר העשיר מה שנשאר לדורי דורות. בביאלה ראווסקה כעירה קטנה שלא היתה רשומה במפת מדינת פולין כעיר ככל הערים, אין לנו מקור לקבוע מתי נוסדה. עם נחפש בנינים עתיקים בעיר יש לנו רק בית הכנסת שזה הבנין הכי עתיק בעיר. על כן שמעתי מתושב פולני שסיפר לי מתי בנו את בית הכנסת. מזקני העיר שמעתי שלפני בית הכנסת הזה היה בית הכנסת בנוי עץ, והיה שמש שהמיר דתו והוא ברח מהעיר ולפני זה שרף את בית הכנסת. והסבא שלי סיפר לי שעוד הכיר את בנו של השמש הנ"ל שהיה תושב ביאלא וקראו לו אברהם בן אברהם. לפי ששמעתי ממורי ר' בונם שלמה היה פעם רשום השנה שבנו את בית הכנסת על שלט קטן ולפי שהוא אמר לי היה כתוב השנה תר"ג. הבנין השני העתיק ביותר בעיר היה הראטהויז שאיש לא ידע מתי בנו את הבנין. מותיקי העיר שמעתי כל מיני אגדות על ההיסטוריה של ביאלה, היו שאמרו שלפני כמאתיים שנה היתה העיר בנוייה בסביבת בית הקברות מצד השני של הנהר, והבנינים דאז בנויים היו מחוסר תכניות ורק צפוף אחד לשני והכל עץ. היות שבקרוב היו יערות, וקרה שכל העיר נשרפה

ואחרי זה כשהתחילו מחדש לבנות את העיר בנו מעבר לנהר הנו זה שהיה בנוי בזמננו. זה הכל מפי השמיעה ואין שום ראיה לדבר.

על ראווה מזוביצקי קראתי פעם בירחון בשם ז׳ימיא ראווסקא שלפני יותר מחמש מאות שנה בנו השווכים את העיר אבל לא נזכר עם יהודים התישבו בה. יתכן מאוד שכבר אז יתישבו יהודים בראווה וגם בסביבה. בבית הקברות מצאתי המצבה הכי עתיקה באותיות בולטות משנת תק״כ. זוכרני עוד את השם על המצבה ר״ב טבילי מקוצק. לפי גודל בית הקברות והקיפו שהיה משתרע על שטח גדול, עם הרבה מצבות וקברים אפשר לומר שהישוב היהודי בביאלה היה פעם יותר גדול. ויתכן מאוד שקיים מאות שנים שלא ידוע לנו. המרחק הגדול בין בית הקברות לעיר מצדיק אולי הסברה שפעם היתה העיר בנויה בצד השני של הנהר. אין להאשים את הדורות לפני מאות שנים שלא השאירו לנו שום זכר מחייהם הפרטיים והכלליים מזמנם, יכול להיות שהסבל וחיי העוני לא איפשר להם לכתוב היסטוריה לדורות הבאים. ובזמננו אנו שמענו שבשתי דורות הקודמים היו רק יחידים בעיר שידעו קרוא וכתוב ויתרם אפילו לחתום לא ידעו, ובכן אין פלא שאין לנו ידיעות כתובות מהדורות הקודמים.

תושביה היהודיים של ביאלה התפרנסו ממסחר ומלאכה. מצבם של בעלי מלאכות לא היה מזהיר ביותר מאז ומתמיד. מקצועות מודרניים לא היו בעירנו מסיבות מחוסר פתוח העיר. לא היו בתי חרושת בעיר בגלל אי קשר חשמלי בעיר המקצועות השייכים לחשמל, לא היה גם חשמלאים, טכנאי רדיו ומקצועות אחרים, לא היה אפשרות לנוער ללמוד. המקצועות שהיו בעירנו היו בראש וראשונה סנדלרים, חייטים, נגרים, אופים, תופרי עור וגם מקצועות הבנין בידי יהודים. לגמרי לא היו כגון בנאים טיחים, טפסנים, שרברבים. זה שכן היה פחחים. בתקופתנו אנו יכולים לראות שמצב בעלי המלאכות היו קשה מאוד, אחרי שכולם היו עסוקים במלאכתם מהשכם בבוקר עד מאוחר בלילה, והתפרנסו בצימצום ובלי שאיפות של מותרות. מצבם של אלו שהתפרנסו ממסחר היה יותר מכובד, והסביבה היתה גדולה עם הרבה כפרים. אנשי הכפר שעסקו בחקלאות הביאו לעיר תוצרתם למכירה, על מנת לקנות מצרכים חיוניים. וככה סובבו את גלגל המסחר. הסוחרים הגדולים בעירנו שמזלם שיחק להם הרוויחו על פרנסה בשפע, הון לא עשו, ולא היו רגילים להחליף מזמן לזמן את הדירות וגם הרהיטים. בארבע חדרים או חמישה אף אחד לא היה גר, וגם נוחיות שאנו רגילים להם לא היה להם. זוכרים אנו שבזמננו לא היה מכובד ביותר בעל המקצוע בעירנו. הם עסקו במלאכתם מהשכם בבוקר עד מאוחר בלילה ובקושי הרויחו לחמם. ובזמנים הקודמים לפנינו סיפרו שמצבם של

בעלי מלאכה היה בהרבה יותר מושפל. מצבם היה קשה מאוד והבערות והעוני כבש רוב רובם של אלו שהתפרנסו מיגיע כפם. חלק גדול של בעלי מלאכות אחרי ששת ימי המעשה שהיו שקועים בעבודה היו זקוקים להלואה ע״מ להכין מצרכים לכבוד שבת, והיו נאלצים להשליש הפמוטים ע״מ לקנות הדברים החיוניים לשבת, וככה היו תנאי החיים מאלו שהתפרנסו מיגיע כפם. כאמור לא שיחק להם ביותר מזלם ולפי ששמעתי מאנשים מכמה דורות הקודמים שספרו הנוהג היה בעיר על מנת לממן התקציב של הקהילה היו מטילים לכל תושב לפי מצבו לשלם מס חד פעמי שנתי. פרנסי הקהילה עשו כל שנה ערכה לכל אחד כמה עליו לשלם. כמובן שאלו שבקושי הצליחו להרויח על לחם לילדיהם או גם זה לא היה, הרי זה בלתי אפשרי היה להטיל עליהם סכומים גדולים לשלם. מסופר שפעם התקיימה אסיפה בקשר עם בחירת רב חדש. כמובן שהתאספו מכל סוגי התושבים וכל אלו ששלמו מסים, סכומים מועטים, הביעו גם דעתם בניגוד לרצונם של אלו שכן צלצלו להם הפעמונים. קפץ אחד מהעשירים ואמר — הנכם כולכם ביחד מכניסים לקופת העיר סך בערך של 400 רובל לשנה, הרי לפניכם הסכום הנ״ל ועליכם להסתלק מלומר דעתכם בנדון זה. אינני יכול לקבוע בודאות מוחלטת על נכונות הדבר. בתקופתנו אנו, כבר התחלפו הזמנים אבל גם אז עוד היה נרגש הבוז והשנאה למלאכה וזה בלתי אפשרי בשום פנים אין להצדיק הגישה הזאת לאלו שרצונם להתקיים מעמל ידם לא היה צורך להשפיל כבודם השנאה שאז היה לאלה שהתפרנסו ממלאכה, זה לדעתי חטא בלתי יכופר ואלה שהתבישו לעמוד בד׳ אמות יחד עם הבעל מלאכה ובזמננו ראינו ששונאי מלאכה באו על עונשם ביניהם שלמדו מקצוע הורחקו מביתם או ברחו בעצמם וההורים הכירו בהם כפורצי גדר ולא עזר החינוך הקיצוני לאלו שדאגו לעתידם ולמדו מלאכה הם ברחו מבתיהם וסטו מדרכם המסורתיים ורק זו היתה תוצאות לכל אלו שמאסו במלאכה. יתכן שהשנאה למלאכה נובע מזה שמצבם הכלכלי של בעבלי מלאכה היה קשה ולסוחרים שיחק המזל שהיה להם פרנסה בשפע. בתקופתנו אנו עדים היינו שכל מי שלמד מקצוע היה נידון לקיום מינימלי ומי שלא תפס באיזה שהוא הגה של מקצוע מצבו היה יותר גרוע וכל אלה שהפריעו לבנים ללמוד מקצוע אחרי שבאו לידי הבנה ששגעו בזה כבר היה מאוחר מדי. הכל שכתבתי זה מתוך נסיון שהייתי תמיד מעורב בין כל שכבות העיר.

זיסל (נעמי) קופערשמידט (פון דער היים לעזעראַוויטש)
(תל־אביב)

# די לעצטע מינוטן — דער וועג קיין טרעבלינקע

**פרייטיק — 2.9.39**

טראַגיש איז געווען דער טאָג אין ביאַלע־ראַווסקע, ווען מען האָט געהערט די ערשטע דייטשע „באָמבאַרצעס" פליען. זיי האָבן קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. די יידישע יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן זאַמלען און געזאָלט מאַרשירן צו דער ווייסל, ווייל דאָרט האָט מען געזאָגט, וועט ערשט פוילן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם דייטש. האָבן אונדזערע מענער זיך געזעגנט מיט די יונגע פרויען און קליינע קינדער; דערוואַקסענע זין מיט זייערע עלטערן; און זענען אַוועק פון דער היים קעמפן מיטן שונא ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. אויך מיר, פרויען, זענען גרייט געווען צום קאַמף, כדי צו שיצן אונדזערע קליינע קינדער פון די רוצחים־הענט. פול מיט התלהבות צו קעמפן און זיך נישט אונטערצוגעבן האָבן מיר געשוווירן צוזאַמען מיט די פוילישע פּאַטריאָטן.

ליידער האָט די לאַגע לאַנג נישט אָנגעהאַלטן: די מענער קומענדיק נאָך גריצע האָבן ווייטער קיין וועג נישט געהאַט. דער שונא מיט זיין אייזערנער מאַטאַריזאַציע איז שנעלער געקומען צו דער ווייסל, ווי עס האָט זיך ווער געקענט ריכטן. די פּאָליאַקן האָבן זיך אונטערגעגעבן. וואָס האָבן מיר שוין געקענט מאַכן? מאַכטלאָז זענען מיר געבליבן. מיט געביילטע פויסטן און שווערע געמיטער זענען אונדזערע מענער צוריק געקומען.

**מיטוואָך 7.9.39**

די דייטשן האָבן באַזעצט ביאַלע. באַלד האָבן זיי באַפעלט, אַז אַלע מענטשן זאָלן אַרויס אין מאַרק. ווער עס וועט בלייבן אין שטוב, דער וועט דערשאָסן ווערן. ווען אַלע זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אין מיטן מאַרק, מיט די הענט אין דער הויך, איז געקומען דער באַפעל: די קריסטן קענען נאָך זייערע היימען

**גיין, די יידן זאָלן צו דער שול גיין. דאַן האָבן די דייטשן די מענער אין שול געשטופּט און די פרויען אין די הייזער געשיקט. ווען די פרויען זענען אַהיים געקומען זענען שוין זייערע היימען געווען דעמאָלירט דורך די פּאָליאַקן און**



7־טע יאָרצייט פון די אומגעקומענע אין ביאַלאַ־ראַווסקע, אין בית החלוצות
זיסל קופּערשמידט, אליהו פריידנרייך, יעקב ניימאַן, היינט אין קאַנאַדע
זיסל קופּערשמידט דערציילט ווי אַזוי מען האָט ליקווידירט די ביאַלער יידן, די שוידערלעכע פאַקטן, די טראַגישע איבערלעבונגען, די לעצטע מינוטן ווי אַזוי מען האָט אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן

**אַלע וויכטיקע זאַכן צערויבט. די מענער האָט מען די גאַנצע נאַכט נישט אַרויסגעלאָזט פון שול. די ספר־תורהס פאַרברענט, געשלאָגן די מענער, ווו עס האָט זיך זיי נאָר איינגעגעבן.**

**צומאָרגנס האָבן זיך די פרויען דאָס לעבן איינגעשטעלט און ביי די דייטשן געבעטן, געוויינט מען זאָל די מענער באַפרייען. די מערדער האָבן די מענער**

אַהיים געשיקט, ווייל זיי זענען שוין געווען איבערצייגט, אַז די שטאָט איז אין זייערע הענט און די שרעק איז שוין גענוג גרויס ביי דער באַפעלקערונג.

מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן יידן צו שוואַרצע אַרבעט, צו רייניקן די שטאָט פון אַלע אומרייניקייטן. דאָס מיסט האָבן די יידן געמוזט מיט די הענט קלייבן. „ווייל איר האָט דעם קריג געוואָלט. איר וועט דאָס מיסט מיט די צינגער לעקן, ווען די רוסן וועלן צו אייך קומען". אַזוי האָבן זיי געשריען און דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין שטעקנס איבער די קעפּ, בערד און פּיאות געשניטן, צעמזיכטט, אָן עסן און אין אָוונט אַהיים געשיקט.

באַלד די ערשטע טעג האָבן זיי עטלעכע בעלי־בתים פון שטאָט צוגענומען און אָפּגעשיקט קיין טאָמאַשאָוו, אין טורמע, גענומען זיי צו שווערע אַרבעט, געשלאָגן, אָפּגעהאַלטן צוויי וואָכן, אַהיים געשיקט. נאָר לייבקע באָרענשטיין איז שוין נישט צוריק געקומען. ער איז געווען דער ערשטער קרבן פון ביאַלע.

עס איז געקומען דער קאָמענדאַנט קיין ביאַלע איינשטעלן אָרדענונג. מען האָט געזאָגט דאָס ער איז נישט קיין שלעכטער מענטש. נפתלי איזראַעלעוויטש (מיט זיין דייטשער שפּראַך) איז באַשטימט געוואָרן אַלס יידן־עלטסטער. ער האָט אויך גוטע גרוסן געבערענגט פון דעם קאָמענדאַנט. האָט זיך די גוטע נייעס שנעל צעטראָגן איבער שטעט און שטעטלעך און אַלע ווער עס האָט זיך געקענט אַריינבאַקומען נאָך ביאַלע, האָט געמיינט, אַז ער האָט זיך געראַטעוועט דאָס לעבן. און דאָס האָט אַ סך מענטשן פאַרפירט, ווייל דאַן האָט מען נאָך געקענט אַנטלויפן קיין ראַטנפאַרבאַנד. אָבער ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז זיי וועלן ביאַלע אויך דערגרייכן? מיט שרעק און מיט האָפענונג האָבן מיר ביסלעכווייז אָנגעהויבן פירן ווייטער אונדזער לעבן. דאָס לעבן פאָדערט. ווען מען לעבט נאָך, זוכט זיך יעדער אין וואָס צו האַלטן מיט די נעגל. איז דאָס געווען אונדזער קלאַמערן זיך ביי דעם „גוטן" קאָמענדאַנט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן, האַנדלען ווי עס האָט זיך וועמען איינגעגעבן.

עס האָט זיך געעפנט אַ קינדער־גאָרטן, אָנגעפירט דורך אַ דערציערין, אַ ראַוועער פריילין. און די עלטערן פון ביאַלע, ווי אויך די צוגערייזטע, האָבן גערן געשיקט די קינדערלעך אין גן. די דערציערין האָט געהאַט אַ גוטן מאַטעריאַל און זי האָט אַ פאָרשטעלונג איינגעאָרדנט מיט די קינדערלעך. זי האָט דאָס געמאַכט ביי לוי לעזעראָוויטש אין שטוב. אָבער ווי אימפּאָזאַנט, ווי שיין, האָבן די טייערע קינדערלעך פאָרגעשטעלט, דעקלאַמירט און געזונגען! נישט זיי און

נישט מיר האָבן נאָך דאַן נישט געוווסט, וואָס דער מערדער האָט צוגעטראַכט פאַר זיי.

זיסע, טייערע קינדערלעך מיט אייערע קלינגענדיקע שטימעלעך, בערטעלע, פאַלעלע, רבקהלה, חיהלה, און נאָך, און נאָך, מיט וואָס האָט איר געזינדיקט, וואָס אייער גורל איז אַזוי אויסגעפאַלן, איר זאָלט מוזן פאַרברענט ווערן אין קרעמאַטאָריע? וואָס האָבן זיי געוואָלט פון אייך, קליינינקע, אומשולדיקע? יאָ, דאָס איז געווען אונדזער לעצטע נחת, וואָס מיר האָבן גענאָסן פון אונדזערע קינדערלעך. דורך אַ צופאַל איז מיין קינד חנה׳לע געבליבן לעבן פון דער גאַנצער גרופּע.

לאַנג האָט דאָס פרייען זיך נישט אָנגעהאַלטן. די ראַוווער זשאַנדאַרמעריע האָט אונדז אָפּטער אָנגעהויבן באַזוכן. אין דעם טאָג, וואָס זיי פלעגן קומען זענען אַלע יידן ווי פאַראַליזירט געוואָרן, זיי האָבן גערויבט, געשלאָגן. מיט דער הילף, פון די פאָלקס־דייטשן האָבן זיי געוווסט ווו צו גיין. איין מאָל זענען געקומען 21 שטיק, זיי האָבן דאַן קיין איין שטוב נישט דורכגעלאָזן. אַלץ וואָס ס׳איז זיי געפעלן האָבן זיי צוגענומען: בעטגעוואַנט, מעבל, קיך־געשיר, מאַשינען, לעפל־גאָפּל־מעסער. נאָך זייער אַוועקגיין איז די שטוב געווען איינגעהילט אין טרויער. מענטשן זענען מאָנאַטן געלעגן אין בעט נאָך די קלעפּ וואָס זיי האָבן באַקומען.

אין יאָר 1940 איז געקומען די געטאָ־פאַראָרדענונג. מיר האָבן קיינמאָל נישט געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. נאָך איין אומגליק איז געקומען אַ צווייטער — אַ גרעסערער. האָבן יידן געלאָזן זייערע היימען. אין ביאַלע ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך, האָבן יידן געוווינט אויף איין פלאַץ, נאָך פון עלטער־זיידן, זעלטן ווען עס האָט ווער געביטן דעם ווױן־פלאַץ, האָט די גזירה געהייסן: זיך אַרויס־רייסן מיט דעם וואָרצל פון אורזיידן און גיין. ווו גיין? אין אַ קאַמער פון חזרים, אין אַ שטאַל פון פערד, ווייל דאָס געטאָ־פלאַץ איז געווען צו קליין עס זאָל אַלע פאַרטריבענע יידן קענען אַריינכעמען אונטער אַ דאַך. זענען פיל געבליבן מיט פּעקלעך וווינען אין הויף, אונטער אַ וואַנט.

איך בין אויך דאַן געקומען העלפן מיין מוטער איבערצוציען זיך צו מיין שוועסטער ליבע. זי האָט געוווינט אין דעם געטאָ. איך קוק זיך אַרום, דאָס איז מיין היים, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. עס לעבט דאַן פאַר מיר אויף מיין קינדהייט; איך זע ווי מיין הייליקער פאָטער שטייט ביי זיין אַרבעט; דאָ זיצט מיין טייערער פאָטער ביי זיין שרייב־טיש, אַרום אים פּויערים, וועלכע קוקן אויף אים, ווי אויף אַ מלאך פון הימל, ווען ער לייענט די ביטעס, וואָס ער

שרייבט פאַר זיי. און מיר אַכט קינדערלעך שפּילן זיך שטילערהייט, כדי נישט צו שטערן דעם טאַטנס געדאַנקען, ווען־נישט־ווען עפנט זיך די טיר און מען הערט דעם טאַטנס זיסן קול: — קינדערלעך נישט שטערן, שטילער! עס באַהערשט מיך אַ געפיל, נישט לאָזן פאַר די קיין זאַך, וואָס מיינע עלטערן האָבן באַרירט פיל יאָרן. זאָלן זייערע שמוציקע הענט נישט צערויבן די זאַכן פון מיין היים. איך צעברעך מיט אַ האַק אַלץ וואָס קומט מיר אונטער די הענט. מיין מוטער וויינט, ווי מען באַווייגט אַ טויטן און בעט זיך ביי מיר: — קינד מיינס, זיי וועלן הערן! אָבער איך קען זיך נישט באַהערשן, איך וויל זיך מיט זיי פאַרמעסטן, איך



ביאַלער יידן אין ישראל אויף אַ אַזכרה־אָוונט צו דער 7־טער יאָרצייט פון אומקום, אין 1949, אין בית החלוצות

האָב אַ האַק אין האַנט. איך וויל עס זאָל בלוט רינען פון די מערדער. אָבער עס רינט נישט קיין בלוט. די העלצער זענען נישט קיין ס.ס.־לייט. זיי פאַלן צו דער ערד. דאַן האָט מיך אַ שוואַכקייט באַפאַלן און איך בין אין אַנמאַכט געפאַלן.

מענטשן שפּאַנען זיך אין אין די וואַגנס אַנשטאָט פערד און שלעפּן זייער האָב און גוטס אין געטאָ. די קריסטן שטייען און קוועלן: ענדלעך איז געקומען דער סוף צו די זשידעס און זיי וועלן קענען וווינען אין די יידישע שטיבער. היטלער האָט שוין לאַנג געדאַרפט קומען און נאָך אַזעלכע טיפּישע שמועסלעך. און זיי האָבן טאַקע דערלעבט.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געווען זייער גרויס. די לעבנס־באַדינגונגען זייער שלעכטע און פון טאָג צו טאָג ערגער. די יידן האָבן נישט געקענט קומען אין דאַרף עפּעס צו פאַרהאַנדלען ביים פויער פאַר עסן. די טיפוס־עפּידעמיע האָט אָנגעפאַנגען נישט דורכצולאָזן קיין איין שטוב. די צאָל טויטע זענען דערגאַנגען ביז 20 אַ טאָג. די זשאַנדאַרמעריע האָט אָנגעהויבן קומען דריי מאָל אין דער וואָך. זיי האָבן געראויבט, געשלאָגן און געהרגעט. און פאָלקס־דייטשן האָבן אויף זייערע אייגענער אחריות אויסגעפּילט די איבעריקע טעג פון דער וואָך. דער בורמיסטש ראַמלאָוו מיט דעם קאָמענדאַנט האָבן איינגעזען, אַז מיטן אַרויסשיקן אַ ביסל יידן אין וואַרשעווער געטאָ וועט די פּראַגע טיפוס געלעזט ווערן, ווען נישט קען זיך דאָס איבערטראָגן צו דער עליטע פון דער געזעלשאַפט. האָבן זיי דאָס איבערגעגעבן דעם יידן־ראַט.

אין אַ מיטן דער נאַכט, ווען אַלע אָרעמע מענטשן האָבן זיך שוין געהאַט איינגעוויקלט אין זייערע שמאַטעס און פאַרשטעקט אין די לעכער צוזאַמען מיט די קראַנקע און הונגעריקע קינדער און געמיינט, אַז זיי וועלן געפינען אַ ביסל רו אין דער נאַכטיקער פינצטערניש, קומט דער שרעקלעכער גרויזאַמער רוף: אַרויס! און דאָס איז געווען, אַז די עלנטע מענטשן זאָלן זיך צוזאַמענעמען מיט די וויינענדיקע קינדערלעך און גיין אין דער קאַלטער ווינטער־נאַכט צום אויטאָבוס, אין געטאָ קיין וואַרשע. די געווייינען זענען געווען גרויס, ווייל מיר האָבן דאַן געוווסט, אַז דאָס איז נאָר דער אָנפאַנג. נאָר פאַרשלאָסן זענען געווען די הימלען, קיין טרער איז נישט דערגאַנגען צו גאָט. די ס.ס.־לייט מיט דער הילף פון דער פּוילישער, ווי אויך דער יידישער פּאָליציי האָבן אָנגעפּילט אַ פולן לאַסט־אויטאָ מיט מענטשן. אַזוי ווי מען וואַרפט הייפּטלעך קרויט, אַזוי האָבן זיי די מענטשן געוואָרפן און אָפּגעשיקט קיין וואַרשע. אָבער דאָס האָט די לאַגע נישט פאַרבעסערט. עס איז נאָך, פון טאָג צו טאָג, ערגער געוואָרן. דער ווינטער טוט זיך דאָס זייניקע. דער שניי פאַרדעקט די פעקלעך וואָס ליגן אונטער די ווענט, די מענטשן פרירן און די קראַנקהייט הערשט. גייט אַרויס אַ ייד, פרייטיק אָפּרייניקן אַ ביסל דעם שניי און מאַכן אַ וועג, קומט אָן די זשאַנדאַרמעריע און פרעגט אים גאָרנישט, און זאָגט אים גאָרנישט, נאָר שיסט אים גלייך אין קאָפּ. דער ייד פאַלט, דער מוח צעשפּריצט דאָס בלוט אויף דעם ווייסן שניי און די מערדער לאַכן און פאָרן ווייטער.

דער דייטש האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען אַנטפּלעקן מיט זיין גאַנצער גרויזאַמקייט.

**יאָר 1941**

**עס איז פרילינג אַרום ביאַלע. נאָר ביאַלע אַליין איז איינגעהילט אין גרויקייט. נאָך גרויער ווערן די מענטשן, ווען עס קומט אָן די גרויע טאַקסע פון ראַווע מיט די ס.ס.־לייט. 5 אַזייגער פאַרטאָג: עס דאַכט זיך, אַז אַלע שלאָפן נאָך. נאָר בליץ־שנעל ווייסן שוין אַלע, אַז די מערדער זענען געקומען מיט אַ שוואַרצער ליסטע פון יוגנטלעכע:**

**1) פייגעלע ניימאַן 2) געלאַ אַמזעל 3) רחל ראַבענבאַך 4) שאול אָרטמאַן 5) אברהם מאַגעלניצקי 6) אברהם באָרענשטיין 7) טאַבאַטשניק (געקומען אויף אַ באַזוך) 8) לוי לעזעראָוויטש.**



וואָלף שומאַן, רחל ערליך מיט איר מאַן דוד, לייביש יאַקובאָוויטש, יעקב הערש־קאָוויטש, דישקע זיין פרוי, מאיר זימלער, רבקה גרונוואַלד ז״ל, נחום, איידל פראַנק, חיה ליבע שטיבערט, גיטעלע שטיינמאַן ז״ל, טובה פריידנרייך, אליהו פריידנרייך, זיסל לעזעראָוויטש, נעכע מיט די שוועסטער, קדישס פעלדשערס טעכטער פוקס, יעקב ניימאַן, יצחק פריידנרייך, דער זון פון אליהו פריידנרייך

**די אַלע האָבן זיי גענומען אין דער טאַקסע און איינציקווייז געהייסן לויפן איבערן פעלד צום בית־עולם. דערנאָך האָבן זיי זיי דערשאָסן. די גאַנצע שטאָט מענטשן איז געשטאַנען אויף איטשע־בערס גאָרטן און געזען דאָס גרויזאַמע בילד. די ספּאַזמאַטישע געשרייען פון די עלטערן, די געשרייען פון אַלע, זענען געווען**

שרעקלעכער פון יעדער פאַרשטעלונגס־קראַפט. דאָס איז געווען דער שרעקלעכס־טער אַקט, וועלכער איז אויסגעפירט געוואָרן אין ביאַלער געטאָ. פייגעלע ניימאַן האָט זיך געבעטן ביי די מערדער: — לאָזט מיך לעבן! די וועלט איז אַזוי שיין. איך האָב נאָך גאָרנישט גענאָסן פון מיין לעבן, איך בין דאָך גאָרנישט שולדיק! געלע אמזעל, די פעיקע צו אַלץ אין דער וועלט, האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען פון איר מויל. לוי לעזעראָוויטש האָט נישט געוואָלט אויסגעבן זיין זון שמואליק. ער האָט זיך געבעטן ביי די גראַנאַטאָווע פאָליציי מען זאָל איבערגעבן זיין זון, ער זאָל נקמה נעמען פאַר זיין אומשולדיק בלוט. (און אַזוי האָט דער זון געטאָן אין וואַר־שעווער אויפשטאַנד — געקעמפט און געפאַלן). שווער איז געווען דאָס לעבן אין געטאָ נאָך דעם פאַקט. די עלטערן פון זייערע אומשולדיקע קינדער, האָבן זיך אין גאַנצן איינגעבראָכן. די דייטשן זענען אָפטער געקומען און יעדעס מאָל געשאָסן, געשלאָגן, גערויבט. די באַדינגונגען זענען געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. ביז עס איז געקומען דער סוף: אויסזידלונג! מיט דעם איינעם וואָרט פאַרמשפט אַ גאַנצע שטאָט יידן צום טויט. זיי האָבן באַשטעלט די שטאָט מיט פאָליציי, אַז קיינער זאָל נישט קענען אַרויס.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר נישט געשלאָפן, עלטערן האָבן זיך געזעגנט מיט קינדער, ברידער מיט שוועסטער, כאָטש אַלע האָבן געוווסט, אַז זיי גייען דעם זעלבן וועג. צומאָרגנס פרי האָבן אַלע געמוזט פאַרלאָזן די שטיבער און זיך שטעלן אין מאַרק. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, די מענטשן האָבן געשמאַכט פון מידקייט, אָבער די דייטשע שטעקנס האָבן נישט דערלויבט זיך אַוועקצוזעצן. ערשט 5 נאָך מיטאָג, האָבן זיי די מענער געשטעלט אין רייען. די פרויען מיט די קינדער אויף וואָגנס און דער לעצטער וועג איז אַוועק מיט אונדזערע טייערע, ליבע. נאָך ראַווע האָט מען זיי געטריבן, אין ראַווע האָט מען זיי צוזאַמען מיט ראַווער און מיט די ביאַלער מענטשן אָפגעשיקט קיין טאָמאַשאָוו און דאַן די יידן פון די אַלע 3 שטעט געשיקט קיין טרעבלינקע.

דאָס איז געווען דער טראַגישער סוף פון אונדזער שטאָט ביאַלע. דאָס איז געווען די אַלגעמיינע אויסזידלונג. זיי האָבן נאָר געלאָזן עטלעכע פאַמיליעס: אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ קאַמאַשן־מאַכער, אַ שטריק־מאַכער, און מיך מיט מיין פאַמיליע אויך צווישן זיי.

צומאָרגנס, גאַנץ פרי, עס לאָזט מיך נישט רוען, אפשר איז דאָך ווער געבליבן אין געטאָ? ווי קען גאָר דאָס מעגלעך זיין, אַז אַלע זאָלן האָבן פאַרשווונדן?

איך לויף שנעל דורך הינטערוועגן, כדי נישט באַמערקט צו ווערן. און וואָס

האָב איך [illegible]צן: איין גרויסע חורבה! קיין מענטש מער, קיין קינד מער. נאָר אויסגעהאַקטע שויבן, צעבראָכענע טירן, אָפענע שענק, צעריסענע בעטגעוואַנט, אויף דער ערד צעוואָרפענע פאָטאָס; פאָטאָס מיט שיינע שמייכלענדיקע געזיכטער פון חתן־כלה, וואָס זאָגן זיך צו טרייהייט אויף שטענדיק; פאָטאָס פון מאַמעס מיט קינדערלעך אויף די הענט, מיט גליקלעכע אויסדרוקן; איר האָט שוין נישט אויף וואָס צו וואַרטן! קיינער דאַרף אייך שוין נישט מער! אַלץ איז שוין געענדיקט! קיינער וועט אייך שוין מער נישט אויסלייגן אין אַלבומען. נישטיקע אוממענטשן האָבן אייערע בעל־בתים פאַרטריבן צום טויט און אייך מיט די שמוציקע שטיוול צעטראָטן און פון אייך מיסט געמאַכט. אַ וויי־געשריי רייסט זיך מיר פון האַלדז און קען נישט אַרויס:

אָ, גאָט, וואָס האָסטו געמאַכט?

בנימין (יאָמע) ראָזענבוים (קאַנאַדע)

## צו דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין ביאַלע

לויט די באַשרייבונגען האָבן זיך די ערשטע יידן באַזעצט אין ביאַלע אין יאָר 1240. אין טאָג, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט די יידישע באַפעלקערונג געציילט 450 פאַמיליעס. דאָס איז געווען 60% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.



בנימין (יאָמע) ראָזענבוים
געבוירן אין ביאַלע־ראַוווסקע דעם 25־טן אַפּריל 1912, געוווינט אין ביאַלע ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

די היטלעריסטישע מערדער זענען אַריינגעקומען קיין ביאַלע דעם 8־טן סעפּטעמבער 1939, דער טאָג איז געווען פרייטיק. פון דער דאַטע הויבט זיך אָן דער גרויסער חורבן פון די ביאַלער יידן. דער אָקופּאַנט האָט אָנגעהויבן

זיינע מערדערלעכע מעטאָדן וואָס האָבן נאָר אַרומגענומען די יידן. יידן האָבן באַלד געמוזט אָנטאָן לענטעס און טראָגן אויף דער לינקער האַנט, אַז מען זאָל דערקענען פון דערווייטנס — ווער איז אַ ייד. זיי האָבן געמאַכט אַ יודענ־ראַט מיט יידישע פּאָליציי זאָלן פירן די אָרדענונג צווישן די יידן. יעדער ייד האָט געמוזט צאָלן קאָנטריבוציע, זיי האָבן געזאָגט, אַז מיר יידן מוזן צאָלן דערפאַר, ווייל יידן האָבן די קריג געוואָלט.

עס זענען געווען שטעטלעך, וואָס יידן האָבן באַלד דאָרט נישט געוואָלט וווינען. זענען אַ סך יידן געקומען קיין ביאַלע, האָט זיך די באַפעלקערונג פון יידן אין ביאַלע פאַרגרעסערט ביז 1500 פאַמיליעס. די אָרעמקייט איז געווען גרויס, יידן האָבן געמוזט טאָג־טעגלעך גיין אויף צוואַנגס־אַרבעט. דער אָקו־פּאַנט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן אָפּגעבן זייערע פוטערס. אין פאַל מ׳וועט געפינען אַ שטיקל פוטער ביי אַ ייד, וועט ער גלייך געשאָסן ווערן. נאָך דעם טערמין, וואָס יידן האָבן געדאַרפט אָפּגעבן די פוטערס, האָבן די דייטשן דורכגעפירט רעוויזיעס ביי יידן. די באַנדיטן האָבן געפונען אַלט פוטער אויף דעם בוידעם ביי אַ ביאַלער ייד. זיין נאָמען איז געווען משה מאיר פייגענבוים. האָבן זיי אים אַרויסגענומען פון שטוב און אויפן הויף אים גלייך געשאָסן. דאָס איז נישט געווען קיין איינצלנער פאַל. אַזעלכע פאַקטן זענען געווען טאָג־טעגלעך.

אַפּריל 1941, האָבן די מערדער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידן מוזן זיין אָפּגעזונדערט, דאָס הייסט אַ „געטאָ״. דער קאָמענדאַנט האָט געמאָלדן, אַז מען וועט טרעפן אַ ייד אויסער דעם געטאָ ווערט ער גלייך דערשאָסן ווערן. טאָג־טעגלעך האָט מען געשאָסן יידן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון דעם געטאָ צו בעטלען אַ שטיקל ברויט. דאָס געטאָ איז געוואָרן געשלאָסן הערמעטיש מיט 4500 יידן, איין דריטל פון שטעטל; די הינטער־געסלעך זענען געוואָרן צוגעטיילט צום געטאָ. אויף אַזאַ קליינעם שטח האָבן זיך געמוזט אַריינ־פּאַקן די אַלע יידן. אויף אַלע בוידעמס, אין קעמערלעך און שטאַלן האָבן געוווינט מענטשן. די שטערבלעכקייט איז געווען אַ גרויסע, טאָג־טעגלעך זענען געשטאָרבן פון 15 ביז 20 מענטשן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס שוידערלעכע בילד, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען ביי גרשון יצחק מאַזעלשאַ אין שטאַל. דאָרט איז געווען אַ פאַמיליע פון גריצע. ווען מען איז אין דער פרי אַריינגעקומען אין שטאַל האָט מען געזען דאָס שוידערלעכע בילד: דער מאַן איז געשלאָפן, דאָס ווייב

איז געשטאָרבן און אַ קינד האָט געצויגן די ברוסט פון דער טויטער מוטער...

נאָך אַ דאַטע, וואָס שטייט מיר פאַר מיינע אויגן איז געווען דעם 28־טן אַפּריל 1942. דער טאָג איז געווען פרייטיק. די געסטאַפּאָ איז געקומען צו פאָרן פון ראַוואַ, 5 פאַרטאָג, אַרויסגענומען פון די וואַרעמע בעטן די שענסטע



משה טאַבאַטשניק

יוגנט — 5 מענער און 3 פרויען. יעדן איינעם פון זיי האָבן די באַנדיטן אַרויס־געפירט מיט איין „סאַמאָכאָד" הינטער דער שטאָט, ווו דער וועג פירט קיין דזיראַוווצי און דאָרט יעדן באַזונדער געשאָסן אין פנים אַריין. צו דעם טרויעריקן בילד, וואָס די באַנדיטן האָבן געטאָן, האָבן זיך צוגעקוקט די מאַמעס און די טאַטעס און דאָס גאַנצע שטעטל. ווען זיי האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט האָבן די באַנדיטן זיך געווענדט צום יודענראַט, אַז די יידן זאָלן באַצאָלן פאַר די קוילן, וואָס זיי האָבן אויסגעשאָסן, און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, וואָס שנעלער אַראָפּריייניקן די „שאַיסע" פון פעלד. אין אַזאַ שפּראַך האָבן זיי גערעדט. דאָס האָט געקענט

טאָן אַ ציווילי‌זירט פאָלק, אין 20־טן יאָרהונדערט. די געשיכטע האָט אַזעלכע זאַכן ביז דאַן נישט נאָטירט.

די נעמען פון די געהרגעטע מענטשן: טאָבאַטשניק — געוווינט אין ישראל, געקומען אויף אַ לוסטרייזע קיין פוילן און נישט געקאָנט פאָרן צוריק, ווייל די מלחמה איז אויסגעבראָכן. לייווה לעזעראָוויטש — גענומען פאַר דיין זון. אברהם מאָגעלניצקי, אברהם באָרענשטיין, שאול אַרטמאַן, געלע אַמזעל, רעכע ראַבענבאַך, פייגעלע ניימאַן.

ס׳גאַנצע שטעטל יידן האָבן געציטערט; מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ גזירה ס׳קאָן ברענגען יעדע שעה. אפשר האָבן זיי עפּעס אַנדערש אויסגעטראַכט? מיט אַזאַ פּסיכאָז האָבן מיר געלעבט טאָג־טעגלעך אין געטאָ. מענטשן האָבן פון זיך אַלץ פאַרקויפט פאַר גראָשנס — די קריסטן זענען אַריינגעקומען אומלעגאַל אין געטאָ. אבי מען זאָל האָבן צו קויפן אַ שטיקל ברויט פאַר די קינדער.

דעם מאָנאַט יולי, יאָר 1942, האָבן מיר געהערט, אַז פון נוישטעטל, 20 קילאָמעטער פון ביאַלע האָט מען די יידן אַרויסגעפירט. די ביאַלער יידן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן צו דעם חורבן וואָס ס׳קען קומען אַ ליאַדע טאָג. האָבן מיר זיך געמאַכט פלעצאַקעס און געוואַרט ביז ס׳איז געקומען דער 26טער אָקטאָבער 1942, דער טאָג איז געווען דינסטיק. מאָנטיק פאַרנאַכט, זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז דינסטיק אינדערפרי קומען פאָדוואָדעס צו ליקווידירן און אַרויסצופירן די יידן פון געטאָ. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו וויינען און צו שרייען. מען קען נישט באַשרייבן דאָס טרויעריקע בילד!

דער געוועזענער בירגערמייסטער פון שטעטל איז געווען אַ פאָלקס־דויטש. זיין נאָמען איז געווען ראַמלאָוו. ער האָט געוואָלט באַרואיקן די יידן. האָט ער געזאָגט, אַז די פאָדוואָדעס, וואָס קומען דינסטיק זענען אויף אַרויסצופירן ציגיינער און נישט קיין יידן. יידן האָבן נישט געגלויבט אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט.

אַכט אָוונט איז דאָס גאַנצע שטעטל געוואָרן אַרומגערינגלט פון פּוילישע פּאָליציי, וואָס האָבן געדינט דעם דייטש, מיט זשאַנדאַרן. אין אַ גרופּע פון 6 מענטשן, איבערלאָזנדיק דאָס טייערסטע — די עלטערן, פרויען, ברידער, קינדער האָבן מיר זיך אַרויסגעריסן פונעם געטאָ איינס ביינאַכט. דאָס איז געווען די נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק. מיר זענען געלאָפן אָן אַ ציל. מיר האָבן נישט געוווּסט ווּ צו לויפן. מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי אַ קריסט, אַכט קילאָמעטער פון ביאַלע. דאָס דאָרף האָט געהייסן פילאָווי. דאָרט זענען מיר געווען עטלעכע טעג. מיר האָבן זיך דערוווּסט פון די קריסטן, וואָס האָבן אַוועקגעפירט די יידן פון ביאַלע

קיין טאָמאַשאָוו, אַז אויף די פורן זענען געווען קליינע קינדער מיט זייערע מוטערס, מענער זענען געגאַנגען צו פוס. די אַלע צוגרייטע זאַכן, וואָס יעדער איינער האָט געהאַט אין פּלעצאַק אויף זיך האָט ער געמוזט אַראָפּנעמען פון זיך און איבערלאָזן דאָס לעצטע וואָס ער האָט געהאַט. גייענדיק אין די רייען האָבן די מערדערס באַמערקט, אַז אַ ייד קאָן נישט אַזוי שנעל נאָכגיין, האָט מען אים אַרויסגענומען פון דער ריי און גלייך דערשאָסן. דער קריסט האָט דערציילט, אַז דער ייד איז געווען מרדכי דוד קאָפּער. אַזעלכע פאַלן זענען געווען אַ סך. 3 קילאָמעטער פון טאָמאַשאָוו איז געווען אַ שפּאַלער, אַרומגעשטעלט פון ביידע זייטן פון ליטווינער און לעטן. זיי האָבן געשלאָגן די מענטשן. אויך די קריסטן, וואָס האָבן געפירט די קינדער מיט די מוטערס, כדי די קריסטן זאָלן פאָרן ווי אַמשנעלסטן. ווען זיי זענען געקומען אויפן פּלאַץ זענען שוין געווען צוגעגרייט וואַגאָנען אויסגעשפּריצט מיט כעמישע מיטלען. מען האָט אָנגערייצט הינט אויף די יידן, כדי זיי זאָלן וואָס שנעלער לויפן אין די וואַגאָנען אַריין. און ווען זיי זענען שוין געווען פול, האָבן זיי געשאָסן, אַז עס זאָל וואָס מער אַריינגיין אין וואַגאָן. און ווען די וואַגאָנען זענען שוין געווען איבערגעפּאַקט האָט מען פאַרשלאָסן יעדן וואַגאָן און דאָס אַלץ האָט געקאָכט אינעווייניק; ביז זיי זענען געקומען קיין טרעבלינקע איז שוין קיין לעבעדיקער מענטש נישט געווען. די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט די יידישע פּאָליציי אויסצורייניקן דאָס שטעטל. עטלעכע טעג זענען קריסטן געקומען פון די דערפער און האָבן געקויפט ביי די דייטשן זאַכן, וואָס זענען געבליבן אין די וווינונגען, ווו די יידן האָבן געוווינט. אין אַ סך שטיבן, וואָס קריסטן האָבן געקויפט האָבן זיי געפונען אין די בעטן טויטע יידן. ווען די יידישע פּאָליציי האָט פאַר־ענדיקט די אַרבעט, האָט מען זיי אויך אַרויסגעפירט. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער גרויסער חורבן פון די ביאַלער יידן, — די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין ביאַלע מיט 700 יאָר צוריק.

מיר האָבן געוואַנדערט פון איין וואַלד צום צווייטן וואַלד. יעדע מינוט האָט געדראָט דער טויט. מיר האָבן אויך געפונען אַ קאָנטאַקט מיט פּאַרטיזאַנער, לינקע גרופּן. צום באַדויערן האָבן זיי אונדז נישט געוואָלט צונעמען. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס דאָרף ווייס, אַז מיר זענען יידן און זיי קאָנען ווערן ליקווידירט. איז יעדער איינער פון אונדז געגאַנגען אויף זיין אייגענער האַנט. עטלעכע פון דער גרופּע, וואָס איך בין מיט זיי אַנטלאָפן, זענען געוואָרן אָנגעוויזן פון די קריסטן און די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז וועלכער קריסט עס וועט אויסבאַהאַלטן און העלפן אַ ייד, ווערט ער גלייך

דערשאָסן. אין פאַל ווען אַ קריסט וועט אָנווייזן ווו ס׳געפינט זיך אַ ייד, קריגט ער דערפאַר צוקער. פון אַזעלכע אָנגעוויזענע זענען די ערשטע אַריינגעפאַלן משה דוד פראַנק, וועלוול איצקאָוויטש, איטשע טאַבאַטשניק און משה באָרנשטיין, איך בין געבליבן מיט שמואליק לעזעראָוויטש.

איך געדענק דאָס איז געווען, פרייטיק, דעם 3טן מערץ 1943, מיר זענען געווען אין וואַלד, 10 קילאָמעטער פון ביאַלאַ. האָבן אונדז קריסטן געכאַפּט און אַזוי מערדערלעך געשלאָגן און נאָכהער האָבן זיי געהייסן, אַז מיר זאָלן אויס־קאָפּען פאַר אונדז גריבער. דורך אַ צופאַל זענען מיר אַנטלאָפן. פון דער דאַטע איז שמואליק לעזעראָוויטש אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. אין וואַרשעווער אויפשטאַנד האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אויף דער אַרישער זייט. ער איז געפאַלן אין קאַמף.

שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן ביי אַ באַקאַנטן קריסט מיט יעקיל לעסקי, גוטמאַן מאָגעלניצקי און זיין שוועסטער הדס. מיר זענען געווען עטלעכע טעג צוזאַמען. אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן דעם קריסט פאַר דעם האַלטן מיך, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען פון מיר אויף אַ צווייטער שטעל. איך בין געבליבן איינער אַליין. דאָס האָט געדויערט עטלעכע מאָנאַטן. זיי האָבן מיך אויפגעזוכט. איך האָב זיך געטראָפן מיט לעאָן שטובערט, בעלאַ עלשטיין, בונעם גאָלבערג, ישראליק גאָלבערג, דאָרקע בלאָשטיין.

אין דער געגנט פון דאָרף טאָרבאָוויצע זענען מיר געווען צוזאַמען אויס־באַהאַלטן ביי אַ קריסט, וואָס זיין נאָמען איז גאָראַל. דעם 28טן אָקטאָבער, 1944, איז אַוועקגעגאַנגען פון אונדז בונעם גאָלבערג צו זען זיך מיט זיינס אַ גוטן באַקאַנטן קריסט, זיין נאָמען איז געווען עליאַש. אין דער זעלבער צייט האָט זיך פאַרהאַלטן אַ גרופּע פּוילישע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן זיך גערופן „א.ק.״ (אַרמיאַ קראַיאָוואַ) זיי האָבן געהאַט אַ געהיים באַפעל, אַז ווו זיי וועלן כאַפּן אַ ייד זאָל מען אים שיסן, ווייל יעדער ייד איז אַ קאָמוניסט. דאָס 16־יעריקע ייִנגל, וואָס האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פון די דייטשע באַנדיטן איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּוילישע פּאַרטיזאַנער־מערדער. זיי האָבן אים געכאַפּט און מערדערלעך געשלאָגן, אַז ער זאָל אויסגעבן, ווו זענען נאָך פאַראַן יידן. די העלדישקייט פון דעם 16־יאָריקן ייִנגל, וואָס זיין הויפּט־געדאַנק איז געווען מען זאָל אים וואָס שנעלער שיסן, האָט זיי געזאָגט, אַז מיר אַלע דאַרפן זיך טרעפן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ, דעם 5טן נאָוועמבער. און דאָס איז געווען נישט אמת. מען האָט אים געשאָסן. די מערדערס האָבן געהייסן דעם קריסט, אַז ער זאָל, מיט זיינע אייגענע

הענט, באַגראָבן דעם קערפּער, אויף זיין אייגענעם הויף. דאָס האָט אונדז געזאָגט דער קריסט, אַז בונעם גאָלדבערג האָט געזאָגט פאַר די פּאַרטיזאַנער, אַז מיר דאַרפן זיך אַלע טרעפן דעם 5טן נאָוועמבער. דער קריסט האָט געמיינט, אַז דאָס איז אמת, האָט ער אונדז איבערגעגעבן, אַז מיר זאָלן זיך נישט צוזאַמענקומען אויף דעם אָרט.

דעם 5טן נאָוועמבער זענען זיי געקומען אויף דעם אָרט, וואָס בונעם האָט זיי געזאָגט און געוואַרט, אַז מיר אַלע זאָלן זיך דאָרט טרעפן. נאָכהער זענען די באַנדיטן אַריינגעגאַנגען צו אַ קריסט און האָבן אים געפרעגט, צו ער ווייסט נישט, ווו עס באַהאַלטן זיך אויס יידן? דער זעלבער קריסט האָט מיך אויך אַ מאָל געטראָפן ביי דעם קריסט, וואָס הייסט גאַראַל, וואָס מיר אַלע זענען ביי אים אין דער זעלבער צייט געווען. האָט ער זיי דערציילט, אַז ער האָט געטראָפן איין ייד, אָנגערופן מיטן נאָמען און אָנגערופן דעם קריסטס נאָמען, ווו ער האָט מיך געזען און דאָרט ווו מיר זענען אַלע געווען. דאָס איז געווען 3 קילאָמעטער פון אונדז. מיר זענען געווען באַהאַלטן אויף אַ שטאָל־בוידעם. די נאַכט פון 5טן נאָוועמבער האָבן מיר געהאַט אַ שלעכט פאַרגעפיל און מיר זענען נישט געשלאָפן. 12 ביינאַכט האָבן מיר דערהערט שווערע טריט, וואָס דערנענטערן זיך צו דעם הויז. דער ערשטער איז אַראָפּגעשפּרונגען ישראליק גאָלדבערג און מיר האָבן געהערט אים בלייבן שטיין און באַלד האָבן זיי געשאָסן. אונדזער גליק איז געווען וואָס עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט אים נאָך צו יאָגן. זיי האָבן געוווּסט פון דעם קריסט, אַז דאָרט איז נאָר דאָ איין ייד, האָבן זיי אַלע נאָכגעיאָגט ישראליקן גאָלדבערג. נאָכהער איז אַראָפּגעשפּרונגען דאָרקע בלאָשטיין, לעאָן שטובערט און איך, עלאַ עלשטיין איז די לעצטע אַרויסגעשפּרונגען.

די זעלבע נאַכט האָבן מיר זיך אַלע געטראָפן אויף אַ צווייטער שטעל. אין דער צייט איז אַ ייד געווען ערגער ווי אַ משוגענער הונט, ווייל ווען אַ משוגענער הונט איז אַנטלאָפן האָט מען אים נישט נאָכגעיאָגט. די דייטשע באַנדיטן און די פּוילישע פּאַרטיזאַנער־באַנדיטן, אַז זיי האָבן געוווּסט, ווו ס׳איז דאָ אַ ייד און אים איז געלונגען צו אַנטלויפן האָבן זיי אַזוי לאַנג געיאָגט ביז וואַנען מען האָט דעם ייד געכאַפּט און געשאָסן.

עס זענען געווען קריסטן, וואָס האָבן יידן געהאָלפן, וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. איינער פון זיי, זיין נאָמען איז גאַראַל. דער קריסט איז געוואָרן דערשאָסן, ווייל ער האָט געהאָלפן יידן. ביי דעם קריסט איז געווען בריינדל מאָגעלניצקי, רבקה באָרענשטיין און העניע באָרענשטיין. עס זענען געווען קריסטן,

וואָס האָבן אויסגעגעבן יידן צו די דייטשן. זיי האָבן אַליין געהרגעט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז די יידן האָבן געלט. מיר האָבן געהאַט אַ סך אַזעלכע פאַלן. אברהם אַרטמאַן איז געהרגעט געוואָרן פון אַ קריסט אין גזימקיוויץ. דער קריסט האָט געהייסן סקונעצני. די פוילישע רעגירונג האָט אים פאַרמשפּט אויף אייביקער תּפיסה. פאַר דער באַפרייונג האָבן די פוילישע פּאַרטיזאַנער געשאָסן צוויי יידן. איינער איז געווען פון ביאַלע און דער צווייטער ייד איז געווען פון ניישטעטל. די נעמען זענען מנחם קאַפּער פון ביאַלע, דעם צווייטנס נאָמען געדענק איך נישט.

מיר זענען געוואָרן באַפרייט, דעם 16טן יאַנואַר 1945. דער טאָג איז געווען מיטוואָך. ווען מיר זענען געקומען קיין ביאַלע, נאָך דעם גרויסן חורבן, זענען די קריסטן אונדז נאָכגעלאָפן אַזוי ווי מען פלעגט אַמאָל נאָכלויפן ציגיינער. טייל קריסטן האָבן אונדז פריינדלעך אויפגענומען און ביי אַ טייל האָט מען געקאָנט לייענען פון זייערע פּנימער — ווי מען זאָגט — איר זייט נאָך דאָ? די הייזער זענען אַלע געשטאַנען, נאָר אַנדערע מענטשן האָבן אין זיי געוווינט.

מיר האָבן מער נישט געזען אונדזערע משהלעך און שרהלעך, וואָס האָבן שטענדיק שפּאַצירט אין שטעטל, נאָר מיר האָבן געזען מיליטער. ס'האָט אונדז אַרומגענומען אַ גרויסע שרעק, מיר האָבן מורא געהאַט צו נעכטיקן אין שטעטל. זענען מיר אַרויסגעגאַנגען אין דאָרף צו אַ באַקאַנטן און ביי אים איבער־גענעכטיקט.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך געוואָנדן צו דעם מיליטערישן קאָמענדאַנט. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר זענען יידן, אַז מיר האָבן דאָ געוווינט. דער קאָמענ־דאַנט האָט זיך מיט אונדז פאַרנומען. ער האָט אונדז געגעבן אַ וווינונג. מיר זענען געווען זיבן מענטשן — יאָמע ראָזענבאָום, לעאָן שטובערט, בעלאַ עלשטיין, יעקיל לעסקי, ישראליק גאָלדבערג, דאָרקע בלאָשטיין און גוטמאַן מאָגעלניצקי.

דאָס זענען געווען די יידן, וואָס זענען געקומען קיין ביאַלע נאָך דער באַפרייונג. אין צוויי טעג אַרום זענען געקומען נאָך דריי יידן: מאָטל טאַבאַטשניק, מרים קאַפּער און ברײַנדל מאָגעלניצקי.

קנאַפּע 27 מאָנאַטן זענען מיר געווען אין די וועלדער. טיילמאָל זענען מיר געווען אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן. יעדע מינוט איז געשטאַנען דער טויט פאַר די אויגן. יעקיל לעסקי האָט מען געשאָסן אין זיין שטוב, אין ביאַלע, דעם 9טן מאַי 1945.

מיר זענען אַרויסגעפאָרן קיין לאָדזש.

אין ביאַלע האָבן מער נישט געוווינט קיין יידן.



בעריש גאָלדבערג — פאָטער פונעם קדוש בינם גאָלדבערג, דעם פאַרפייניקטן פון די פוילישע מערדער.
לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון קאָאָפּעראַטיוו־באַנק, אַ ראַטמאַן אין שטאָטראַט, איינער פון די אַקטיווסטע חברים פון „פועלי־ציון" צ. ס., פון די איבער־געגעבנסטע חברים, אַ האַרציקער, גוטער מענטש

## בינם בן בעריש גאָלדבערג

**בינם איז דערמאָרדעט געוואָרן אין טאָרבעליק, ווען ער איז געגאַנגען אויספירן אַ שליחות פון זיין גרופּע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט זיך געפונען אין באַהעלטעניש, אין דעם זעלבן דאָרף טאָרבעליק.**

ער איז געכאַפּט געוואָרן פון אַ גרופּע פּאָליאַקן פון א.ק. די האָבן ביי אים געפאָדערט, ער זאָל זאָגן, ווו זיינע חברים געפינען זיך. אָבער דאָס 16־יאָריקע יינגל, אַ זון פון באַקאַנטן ציוניסטישן טוער, בעריש גאָלדבערג, האָט זיינע חברים נישט פאַראַטן און געפאַלן אַ קרבן — דערמאָרדעט געוואָרן מיט שטעקנס און אייזנס ביז זיין יונגער קערפּער האָט נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן.

זיינע ביינער געפינען זיך אויפן הויף פון יאַן עליאַש.

ער איז געפאַלן אויף קידוש־השם. זיין נאָמען וועט בלייבן פאַראייביקט אין דער געשיכטע פון דער גרויסער מאַרטיראָלאָגיע פון די יידישע קדושים און גיבורים.

מיר וועלן נישט רוען ביז זיינע ביינער וועלן נישט קומען צו קבר־ישראל אין מדינת ישראל.

כבוד זיין אָנדענק!

א. פּ.

יצחק קצנלסון

# דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק

**(אויסצוגן)**

פאַרוואָס ? אָ, פרעגט ניט, קיינער ניט — פאַרוואָס ? ווייל יעדער ווייס עס,
פון דעם בעסטן ביז דעם ערגסטן גוי —
דער ערגסטער האָט די דייטשן צוגעהאָלפן, דער בעסטער האָט צוגעקוקט
זיך מיט איין אויג, געמאַכט זיך... אַז ער שלאָפט —
ניין, ניין, ס'וועט קיינער ניט קיין רעכנשאַפט פאַרלאַנגען, ניט נאָכפאָרשן,
ניט פרעגן זיך, פאַרוואָס אַזוי ?
אונדזער בלוט איז הפקר, מען מעג פאַרגיסן אים, מען קען אונדז
אומברענגען, דערמאָרדן אומבאַשטראָפט.



עס וועט דאָס קול פון תורה זיך ניט לאָזן הערן פון ישיבות מער,
פון קיין בית־מדרש, און בחורימלעך בלאַס,
געאיידלטע אין לערנען, אין פאַרטיפן זיך אין דער גמרא, אין פאַרטראַכטן
זיך... ניין, ניין, ניט בלאַס, עס איז אַזאַ שיין !
פאַרלאָשן שוין... רבנים, ראשי ישיבות, יידן לערנער, גאונים דאַר
און קוואַר און שוואַך און אָנגעפילט מיט ש״ס,
מיט פוסקים, קליינע יידעלעך מיט גרויסע קעפּ, מיט הויכע שטערנס,
אויגן קלאָר — ניטאָ זיי שוין, זיי וועלן מער ניט זיין.

אריה יקובוביץ (פתח־תקוה)

# אלה אזכרה

לזכרון לשלש עשרה הרוגי מלכות הרשע, בנים ובנות, שהיו ראשוני הקרבנות משליחי היטלר שנכנסו לעירנו. לא קם עדיין המשורר שבאמנות הדבור יכול לבוא ולבטא ולתאר את גודל האסון שקרה לעם ישראל בתקופת השואה. כי עניה היא השפה שאפשר למסור את גודל הכאב. הכיצד קרה זה שתוך זמן כל כך קצר נהפך עם תרבותי לחיות טרף מחוסר רחמים. העם הגרמני שעלה לדרגה גבוהה בהתקד־מותו בטכניקה המודרנית ונחשב לעם הכי תרבותי בין כל עמי אירופה ובתקופה כל כך קצרה איבדה כל צלם אנושי לפשעים ומעשים ברבריים שאין תקדים בכל ההיסטוריה של האנושות כולה. מעם תרבותי נהפכה לחית בר פראית. חיות המדבר הם רצחניות בגלל שמציק להם הרעב. יתכן שלוא היה להם מזון להשתיק הרעב, מדת האכזריות לא היתה כל כך גדולה. על חיות בלתי תרבותיות אפשר למצוא עוד נמוק מדוע כל כך גדולה האכזריות שלהם, כי בזמן שהקיבה של החיה היא ריקה והיא זקוקה לטרף, אז אין הזמן מתאים לא להיות רצחני. לדאבונינו אנו זכינו שהעם הגרמני שמנה חמישים מיליונים ושגדולה היתה התקדמותם בכל השטחים, כולם מלומדים בנמוסים חברתיים, רוב רובם למדו בבתי־ספר גבוהים. גם הלימודים בבתי־ספר הגבוהים לא גרמו לרשעים האלו שהתנהגו באכזריות של חיות פראיות. לכל עם יש כל מיני פושעים, שודדים רוצחים. לכל אלו בדרגה הכי נמוכה העומדים בכל מעשיהם הרעים, לכל פושע נימוק שלו. שודד רצח אדם, כי תאות ממון דחף אותו. יש פעמים רצח על רקע רומנטי, כי הרוצח איבד את השליטה על עצמו והתאוות ששלטו בו הביאו אותו לשפלות כזו ואכזבה, ושעשה חשבון שבין כך לא חשובים לו החיים. אמנם נכון שהנמוקים לא מתקבלים אצל השופט והרשות בידו לדון את הפושע בחומרת הדין ופסקי דינם של השופט, זה מטיל פחד למנוע פשעים. אחרת היה עם הרשעים הארורים הנאצים, כל העם נהפך בבת אחת לרוצחי נפשות, לשודדים בלי שום גבול ובלי פחד. לא היה להם שום מטרה, רק לשדוד הכסף ולא

להשאיר אנשים בחיים או כוונות אחרות. הם קבלו משימה של רוצחים. גרוע יותר מחיות פראיות. התנפלו על אנשים מחוסרי מגן ורצחו אותם רק בעד זה שהם יהודים, רק בעד חטא הזה ולא יותר. עד ימינו אנו עדיין ההיסטוריה לא ידעה על מעשים אכזריים נגד אנשים כמו המעשים של הנאצים. כשקלגסי היטלר ימ״ש נכנסו לעירנו, אספו שלש עשרה נערים ונערות, הכי נחמדים, הביאו אותם ע״י בית הקברות וירו בהם. שלוש עשרה צעירים וצעירות היו הקרבנות הראשונים מיד הטמאים. הם נפלו חללים בלי לדעת על איזה פשע קבלו עונש זה. הצעירים הללו חיו בעולמו של הקב״ה בתקוה להנות מהחיים ככל אדם שנברא בצלם אלקים. הופיע מלאך המות בדמות חיות טרף הנאציות והכרית את כולם.

וזה היה רק ההתחלה של מעשי הרשע. עשירה היא ההיסטוריה של עם ישראל שבהרבה תקופות קמו להשמידנו, אבל בכל פעם היה אפשרי לפחות לקחת את מקל הנדודים ולעזוב את הארץ ולברוח לארץ אחרת. בתקופת ספרד קמו הכמרים ונהלו תעמולה דתית שהבטיחו להמונים שיזכו לחיי עולם הבא, מי שיצליח לכבוש לבבות לנצרות. בהיסטוריה שלנו מוצאים הרבה רציחות והתנפלויות, שפיכת דמים על רקע דתי. עם ישראל השובע סבל מאז שעמד בהר סיני, ירדה שנאה לעם ישראל על כל הדורות. אף מעשה פשע אחד שנהגו עמים אחרים ברציחות בגירושים בשום פנים אין להצדיק, אבל בכל הזמנים לפחות היו משפטים [illegible]ו כופר. ופעמים היתה אפשרות לברוח למדינה אחרת.

העינים זולגות דמעות והלב נצבט בכאב נוקב בזוכרינו את המיתות האכזריות בהן נספו בני משפחותינו וידידינו ובני עירנו היקרים ע״י החיות הנאציות צמאות דם נקיים. מה איומים ונוראים היו הרצח ושפיכת הדמים אשר עוללו הרוצחים הגרמנים בעזרת שכנינו הפולנים בשנות האימים והשואה. רצח שבוצע ואורגן ע״י מוסדות המדינה כולה ובידי עזרת אנשי מדע גרמנים, זוועה שלא היתה עוד כמותה בתולדות בני אדם.

מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי (ירמיהו) בקרבנות של עירנו התקיים מה שכתוב ויקרא כי ואבדתם בגויים ואכלה אתכם ארץ אויביכם. בבקר תאמר מי יתן ערב ובערב תאמר מי יתן בוקר מפחד לבבך אשר תפחד ומראה עיניך אשר תראה (דברים כ״ח).

פערל רויזע האַלפּערין (קענזיסיטי)

# ביאַלע, מיין שטעטל, איך קען דיך נישט פאַרגעסן!

דו ביזט אַריינגעדרונגען אין מיין נשמה,
דו לעבסט אין מיין געדאַנק,
פאַרשוווּנדן די יונגע יאָרן,
עס טוט מיר נאָך זיי באַנג.

ווען פון דיר כ'האָב אַן קלערן,
פון דאַן ווען כ'בין געווען אַ קינד,
גייען קוואַלן פון אויגן טרערן,
אין האַרצן טוט וויי און ווינד.

געבענטשט ביזטו געווען, ביאַלע מיין שטעטעלע,
מיט גוטע שטענדיקע געסט,
אָט די גרויסע בלאָטעס
און די שווערע ווינטער־פרעסט.

איך קען דיך נישט פאַרגעסן פון יענע צייטן,
ווען איך האָב מיין יוגנט פאַרבראַכט,
אין דער פינצטער שפּאַצירט,
ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ביאַלע, ווי האַרציק זענען געווען דיינע יידן —
סוחרים, קרעמער און בעלי מלאכות —
יידן געזונטע, פריילעכע, לוסטיקע,
פשוטע און יחוסדיקע משפּחות.

די שבתים און ימים טובים
זענען געווען מלא טעם, מלא חן.
שמחת תורה געטאַנצט און געהוליעט
אַלע — אי גרויס, אי קליין.

ווען אַ שמחה אין שטעטל — ווער האָט
נישט געקוועלט פון יענעמס פרייד ?
און חלילה אַן אומגליק — ווער האָט
נישט געוויייטיקט יענעמס לייד ?

ביאַלע, מיין שטעטעלע !
געווען מיין פרייד, געווען מיין טרויער.
ווען איך טראַכט פון דיר —
וויין איך ביטער און באַדויער.



פערל־רויזע העלפערין (קענזיסיטי) מיט איר ברודער א. יעקובוביץ (פתח־תקוה)

אַלעקסאַנדער טשערסקי (תל־אביב)

# דער מענטש יאַן עליאַש

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זיך געלאָזט אין אַזאַ וויטער רייזע — דורך פרעמדע לענדער, יבשה און ימען.

ער קומט פון מאַזאָווּשע, פון פּאָוויאַט ראַווסקי. אַ שטאָלטנער, מיט אַ גרויער באָרד, דער 76־יאָריקער יאַן עליאַש. אַ מערקווירדיקע רייזע איז עס: אַן אויספלוג, אָדער גאָר אַן עולה רגל צו דער הייליקער ערד, וועגן וועלכער ער האָט אַ סך געהערט און אַ סך געלייענט. יאַן עליאַש איז געקומען אין לאַנד אויף דער איינלאַדונג פון זיינע יונגע פריינט, וועלכע האָבן נישט פאַרגעסן, אַז אין די יאָרן פון שרעק־לעכער מענטשלעכער דעגראַדאַציע האָט דער פויער פון מאַזאָווּשע אָפּגעהיט זיין מענטשלעכקייט.

די משפחה שטובערט האָט זיך, בסך הכל, מיט צוויי יאָר צוריק באַזעצט אין לאַנד. נישט לייכט איז געווען אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי, בויען אַ לעבן, זיך פאַרוואָרצלען אויף דער אייגענער ערד, אויסהאַלטן, דערציען און געבן בילדונג די קינדער. אָבער ווי נאָר ס'האָט זיך נאָרמאַליזירט דאָס לעבן און גובר געווען די ערשטע שוועריקייטן, האָבן זיי זיך פאַרטראַכט איינצולאָדן פון פּוילן דעם, וועמען זיי האָבן צו פאַרדאַנקען דאָס לעבן.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פיבערדיקע באַמיונגען צו דערליידיקן די נייטיקע פאָרמאַליטעטן. אין די צוגרייטונגען האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אויך אַ צווייטע, אָפּגעראַטעוועטע דורך עליאַשן משפחה, וואָס וווינט איצט אין אַמעריקע. דורך שותּפישע באַמיונגען איז געשאַפן געוואָרן די נייטיקע סומע, און זיי האָבן פאַרגע־לייגט דעם אַלטן ערד־אַרבעטער אַ לוסט־רייזע קיין אַמעריקע. יאַן עליאַש האָט אָבער אויסגעוויילט ישראל.

וואָס איז מיר אַמעריקע? — דערציילט ער. — איך וויל זען דאָס יידישע פאָטערלאַנד, ווי עס בויט זיך, ווי עס לעבן דאָ די, וועלכע זענען אַרויס מיט די ביינער פונעם דייטשישן גיהנום.

**גייט יאַן עליאַש איבער די גאַסן פון אונדזערע שטעט און דערפער, איבער די קיבוצישע ווירטשאַפטן, שאָקלט צו מיטן קאָפּ, און איז צופרידן, וואָס ער האָט נישט פאַרביטן ישראל אויף אַמעריקע. — און דער גוטמאַן, אויב ער וויל מיך זען, זאָל ער קומען אַהער פון דער אַמעריקע זיינער — האָט צוגעגעבן יאַן עליאַש.**

**און ס׳וועט קומען גוטמאַן פון יענער זייט אָקעאַן, ער וועט דורכמעסטן טויזנטער מייל, כדי צו דריקן די האַנט פון דעם אַדעליקן זקן.**



פון רעכטס: אנשל רייס, פרעזעס פון די יוצאי פוילן אין ישראל, דאַווידאַוויטש, אַ בלענדאָווער ייד, י. זאַנדער, יושב־ראש פון די יוצאי־מאַגעלניצע, אליהו פריידנרייך, יושב־ראש פון די יוצאי ביאַלע־ראַווסקע, ישראל־לייב שטובערט און דער איידעלער רעטער פון ביאַלער יידן, דער פּאָליאַק יאַן עליאַש

**— גרויזאַמע יאָרן געווען — דערציילט מיט אַ טיפער שטים דער ה׳ יאַן. מענטשן האָבן פאַרגעסן אין גאָט, אין די געטלעכע געבאָטן, און אַ ברודער צו אַ ברודער איז געווען — אַ וואָלף. איך זעלבסט האָב קיין שום אויסערגעוויינלעכס נישט געטאָן — ציט ווייטער דער אַדעליקער פּאָליאַק. — יידן זענען דאָך די זעלבע פּוילישע בירגער, מענטשן אַזוי ווי מיר. און איך האָב באַווירקט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געקווענקלט, און אַזעלכע, וואָס האָבן מורא געהאַט. מענטשן זענען געווען פאַרשידענע, אַ טייל האָבן זיך צוגעהערט צו דער שטים פון זייער געוויסן,**

אַנדערע — צו דער שטים פון שד. געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געשטאַנען אין דער מיט — נישט געקריוודעט און נישט געהאָלפן.

ווען שטובערט איז געקומען צו מיר, האָב איך אויסגעלייענט פון זיין פנים אַלץ: פאַרצווייפלונג נאָכן פאַרלירן די אייגענע, וועגן די הונגעריקע נעכט אויף פאַרשנייטע פעלדער, אַנטשיידענעם ווילן צו בלייבן לעבן און דורשט נאָך נקמה. כ׳האָב אים בלויז געזאָגט: „בלייב ביי מיר״, און ער איז געבליבן.

פון די דערבייאיקע דערפער און וועלדער פלעגט ער ברענגען האַלב־לעבעדיקע, פאַרפייניקטע מענטשן און זיי אויסבאַהאַלטן אין זיין געגנט. אַ מערקווירדיקע געגנט איז עס געווען. די גראַנאַטאָווע פאָליציי איז געקראָכן פון דער הויט, נושא־חן צו זיין אין די אויגן פון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע. זיי זענען געקומען אויף די שפּורן אויך פון די, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער מיין שוץ.

אין שטאַל האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ יונגער, זיבעצן־יאָריקער בחור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ נישט־דורכשניטלעכער אינטעליגענץ און ממש־וווּנדער־לעכער ערודיציע. אַ געניאַלער מאַטעמאַטיקער, אַ בקי אין די הימלישע קאָנסטע־לאַציעס, אין פיזיק, כעמיע און געשיכטע. ווען ער וואָלט איבערגעלעבט דעם חורבן, וואָלט ער היינט געקאָנט זיין די קרוין פון יעדער אוניווערסיטעט. ער איז אָבער אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט, פאַר די אויגן פון אַ סך איינוווינער פון דאָרף. מען האָט אים געשלאָגן מיט שטעקנס, געקאָפּעט מיט געקאָוועטע שטיוול — געפאָדערט ער זאָל אָנווייזן, ווו ס׳באַהאַלטן זיך אויס זיינע יידישע ברידער. ער האָט נישט געעפנט זיינע פאַרשלאָסענע ליפּן, נישט געשריען פון ווייטיק, אָפּגע־גאַנגען אין בלוט, שווייגנדיק — ביז ס׳איז געקומען דער טויט.

מענטשן ערלעכע, אמתע מענטשן, קומען אָפט אויף זיין קבר, היינט צו טאָג, און באַדעקן אים מיט בינטלעך פעלדבלומען. און אַ מינוט פון שווייגן, אין שטילן טראַכט, ווידמען זיי דעם העלד, וואָס איז אומגעקומען מיט כבוד, ווי אַ מענטש.

אָבער דאַן זענען געווען שוידערלעכע צייטן — ס׳האָט געבושעוועט שנאה און טעראָר. „חברה פון וואַלד״ האָבן אַרויסגעגעבן אַ טויט־אורטייל אויף מיר און מיין זון פאַרן אויסבאַהאַלטן יידן. זיי זענען געקומען אין מיטן נאָכט, 20 זענען זיי געווען, באַוואָפנטע ביז די ציין. געוואָלט אינסצעניזירן אַן אָפיציעלן, באַרעכטיקטן משפט. איניקע פון זיי האָבן זיך געזעצט ביים טיש און פאָרגעלייענט דעם אורטייל. דערנאָך האָבן זיי אויסגערופן: „איר האָט דאָס רעכט צו באַקומען דאָס לעצטע וואָרט, רעדט עליאַש״.

און איך האָב פאַר זיי געזאָגט: „כ׳בין אַ פּאָליאַק פון בלוט און פלייש, אַ פּויער,

מיין זיידע און עלטער־זיידע זענען געווען פויערים. כ׳ווייס, אַז מיר, אַלס פּאַליאַק, פאַרפליכטעט אונדזער קאָנסטיטוציע, טראָץ דעם וואָס מיר זענען אָקופּירט דורכן שונא. אין אונדזערע געזעצן זענען נישטאָ קיין פּאַראַגראַפן, וואָס פאַרווערן, צו העלפן אין אַ נויט פּוילישע בירגער פון משהס גלויבן. כ׳האָב אויך נישט געזען אַזאַ צירקולאַר אָדער פאַראָרדענונג פון דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג. מיר איז נישט באַוווּסט, אַז פון לאָנדאָן זאָל קומען אַ באַפעל, צו באַשטראָפן פּאַליאַקן פאַרן אויסבאַהאַלטן יידן. שעמט זיך, פּאַנאָוויע, — איך דאַרף מען שטעלן פאַר אַ געריכט, דאָס זענט איר די פאַרשווערער קעגן די אינטערעסן און כבוד פון פּוילישן פאָלק. אונדז פאַרפליכטן נישט די באַנדיטישע געזעצן פון דייטשישן אָקופּאַנט. איר העלפט די דייטשן, פּאַנאָוויע, און איך וועט פאַראורטיילן גאָט און די געשיכטע. נישט אייער עסק, צו איך באַהאַלט, צו איך באַהאַלט נישט אויס קיין יידן. דאָס איז אַן ענין פון מיין אייגענעם כבוד און געוויסן. און איצט, דייטשישע משרתים, יאָזדאַ, צו אייער שמוציקער אַרבעט, שיסט אין אייער ברודער!

אַ פּחד האָט זיי אַרומגענומען, די פּנימער האָבן זיך ביי זיי ווי פאַרעלטערט, און ביי איינעם האָט זיך אָפּגערופן דאָס געוויסן. ער האָט אויסגעשריען: — „אויפ־שטיין, פּאַנאָוויע!״ דאָס איז געווען, ווייזט אויס, זייער אָנפירער. זיי זענען אַוועק אויף אַ באַראַטונג. אין אַ האַלבער שעה שפּעטער פאַרשווּנדן אין דער פינצטערניש פון דער דעצעמבער־נאַכט.

כ׳בין גליקלעך, וואָס אויף די עלטערע יאָרן איז מיר באַשערט צו זען אייער הערלעך לאַנד, אייערע ווייסע היימען, פאַרגאַסענע מיט זונען־שיין, אייערע בליענ־דיקע פעלדער און סעדער, אייערע פאַבריקן, שולן, שפּיטאָלן, אייערע זעלנער און זעלנערינס, אייערע מאָדערנע סילאָן־עראָפּלאַנען, שיפן און אייערע מענטשן, יידן פון אַלע עקן וועלט, וועלכע זענען גובר, מיט שותפישע כוחות, טויזנטער שווערי־קייטן, בויען זייער פריי פאָטערלאַנד.״

ישראל זאנדער און אליהו פריידנרייך

# לאַנדסלייט פון מאָגעלניצע, בלענדאָוו און ביאלא ראַווסקאַ אויפגענומען דעם יידן־רעטער יאַן עליאַש

**אין זאַל פון „התאחדות עולי פולין״ איז מיטוואָך, דעם 9־טן סעפּטעמבער 1964, אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד, דער קריסט ה׳ יאַן עליאַש (פון דאָרף**



אויף אַ גאַסט־אויפנאַמע פאַר דעם יידן־רעטער פון ביאַלע. פון רעכטס: אליהו פריידנרייך, לעאָן שטובערט, יאַן עליאַש, בעלאַ שטובערט־אַלטמאַן, זיסל לעזע־ראַוויטש, גיטל מאַרקאָוויטש

**טאָרביאַליק, נעבן ביאַלאַ־ראַווסקאַ) דורך די לעבן־געבליבענע פון די שטעטלעך מאָגעלניצע, בלענדאָוו און ביאַלע־ראַווסקע.**

צום קבלת־פנים זענען געקומען דירעקט פון אַמעריקע ה׳ מאַקס גוטמאַן מיט זיין פרוי און די געראַטעוועטע ה׳ לעאָן שטובערט מיט זיין פרוי (פון ביאַלאַ ראַווסקאַ, וועלכע וווינען אין ישראל), כדי אָפּצוגעבן כבוד און האַרציק באַ־דאַנקען זייער רעטער.

דער פאָרזיצער פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פון ביאַלאַ ראַווסקאַ, ה׳ אליהו פריידנרייך, האָט אין קורצע ווערטער געזאָגט, אַז יאַן עליאַש איז איינער פון די ווייניקע חסידי אומות העולם, וועלכער האָט אין די שווערע טעג פאַר יידן און אויך אין די געפאַרפולע טעג פאַר די קריסטן, וועלכע האָבן געראַטעוועט יידן, זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דער דאָזיקער געפאַר און אַליין אויפגעזוכט יידן, כדי זיי צו באַהאַלטן אין באַהעלטענישן אויף זיין באָדן.

יאַן עליאַש האָט אויסבאַהאַלטן וויפל ער האָט נאָר געקאָנט יידן, — און די דאָזיקע זענען טאַקע געבליבן לעבן. אָבער אויפן קריסטס געוויסן ליגט אַ שווערער שטיין, וואָס פּייניקט אים די גאַנצע צייט. דאָס איז דער פאַל מיטן 16־יאָריקן יידישן בחורל בינם גאָלדבערג, וועלכער איז דורך אַ צופאַל אַרויס פון דער באַהעלטעניש. קריסטן האָבן אים אויפגעפאָדערט אַרויסצוגעבן די איבע־ריקע יידן — ווו זיי זענען באַהאַלטן און ווער עס באַהאַלט זיי אויס.

דאָס יינגל האָט גאָרנישט דערציילט. די קריסטן האָבן אים געשלאָגן מיט שטעקנס איבערן קאָפּ און קערפּער, ביז זיי האָבן אים דערשלאָגן צום טויט.

יאַן עליאַש האָט מקבר געווען דאָס יינגל אויף זיין ערד. אליהו פריידנרייך רופט די לאַנדסלייט צו טאָן אַלץ, אַז מען זאָל די ביינער פון העלדישן זון ברענגען קיין ישראל.

אינזשיניער רייס האָט אין זיין באַגריסונג געזאָגט, אַז די געשיכטע וועט אונדז נישט מוחל זיין, וואָס מדינת ישראל זאָרגט נישט פאַר די קריסטן אין פּוילן, וועלכע האָבן געראַטעוועט יידן. די דאָזיקע קריסטן זענען איצט אַלט געוואָרן און האָבן נישט קיין עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. די קבלת־פּנים — זאָגט אַ. רייס, — דאַרפן זיין נישט מיט זאַכן, וואָס ווערן געשטעלט אויפן טיש, נאָר מיט האַרץ און געפיל. און מדינת ישראל דאַרף די דאָזיקע חסידי אומות העולם באַערן אויף אַזאַ אופן ווי אַ פאָטער באַערט די מענטשן, וועלכע האָבן געראַטעוועט זיינס אַ קינד.

ה׳ ישראל זאַנדער, פאָרזיצער פון ארגון מאַגעלניצע, בלענדאָוו און ביאַלאַ ראַווסקאַ באַגריסט דעם חשובן גאַסט הער יאַן עליאַש און זיין ברודער סטאַניסלאַוו מיט זייערע משפחות, וואָס האָבן ריזיקירט מיט זייער לעבן, כדי צו ראַטעווען

יידן. אין יענע גרויליקע טעג ווען יידן זענען געיאָגט געוואָרן דורך די דייטשן און פאָליאַקן, האָט יאַן עליאַש מיט זיין ברודער, אַריינגענומען צו זיך אַזוי פיל יידן וויפל ער האָט נאָר געקאָנט און געגעבן זיי אַ מקום־מנוחה, וויסנדיק אַז זייער אייגן לעבן איז צוליב דעם אין געפאַר. אָבער דאָס האַרץ פון די דאָזיקע קריסטן האָט נישט געקאָנט בלייבן רואיק, זעענדיק ווי יידן ווערן געמאָרדעט, נאָר דערפאַר וואָס זיי זענען יידן.

נישט פאַר קיין געלט האָבן זיי דאָס געטאָן, — ווי אַ טייל אַנדערע קריסטן — פאַרקערט גאָר אָפט, האָבן די עליאַשעס נאָך צוגעלייגט פון זייער געלט. זיי האָבן עס געטאָן, ווייל זיי האָבן געפילט דעם פיין פון געיאָגטע און געפּלאָגטע. און זאָנדער פירט אויס, זאָגנדיק צו עליאַשן, אַז דער נאָמען עליאַש איז פון נאָמען אליהו, און ביי יידן איז פאַראַן אַ היסטאָרישע געשטאַלט אליהו הנביא, וועלכער פלעגט זיך שטענדיק באַווייזן אין יעדער נויט. צי איז עס געווען צו ברענגען אַ ביסל וואַרעמע עוף־זופּ פאַר אַ קימפּעטאָרן, אָדער ברענגען פאַר אַ קראַנק יינגל אַ גן־עדן־עפּעלע אַלס רפואה, שטענדיק פלעגט דער אליהו הנביא זיך באַווייזן אין אַ נויט צו העלפן דעם באַדערפטיקן.

— אָט אַזאַ ביזטו יאַן עליאַש אין היינטיקן דור, האָסט זיך באַוויזן צו די געיאָגטע און געפּלאָגטע ווי אַ תלמיד אין אַ נייער אויפלאַגע פון דעם לעגענדאַרן אליהו הנביא, וועלכער פלעגט פאַרלאָזן די הימלען און קומען העלפן דיליידנדע, און דו, עליאַש ביזט ראוי צו טראָגן דעם נאָמען מיט שטאָלץ. דו, מיט דיין האַנדלונג, האָסט באַוויזן, אַז פּוילישער פּאַטריאָטיזם און קריסטנטום ליגט אין העלפן דעם מענטשן און נישט אין פאַרטיליקן אים.

דו האָסט געראַטעוועט נישט נאָר די יידן, וואָס דו האָסט אויסבאַהאַלטן, דו האָסט געראַטעוועט דעם נאָמען פון דיין פאָלק און דיין גלויבן. דו, יאַן און דיין ברודער סטאַניסלאַוו זייט געבענטשט מיט דער שענסטער מתנה, וואָס אַ מענטש קען באַקומען אין לעבן, און דאָס איז — אָנגערופן צו ווערן מענטש.

דאָס יידישע פאָלק וועט אין איר געשיכטע אויך נישט פאַרגעסן פון אייך.

מיר ווינטשן דיר, יאַן עליאַש, מיט דיין ברודער און משפחות, אַז איר זאָלט ווייטער גיין אין די זעלבע וועגן, ווייל דאָס זענען די וועגן פון מענטש און דער־מיט מאַכט איר גרויס נישט נאָר זיך, נאָר אייער גלויבן. זאָלן זיך מערן, צווישן דער מענטשהייט, אַזעלכע ווי איר, עליאַש.

וואַרעמע און האַרציקע רייד האָט אַרויסגעבראַכט דער געראַטעוועטער לעאָן שטובערט. ער דאַנקט דעם ה׳ עליאַש און זיין ברודער פאַר זייער מסירת־נפשדיקער,

**קרבנותפולער גרייטקייט און זייער הילף. 22 רעוויזיעס — זאָגט שטובערט, — האָבן די דייטשן מיט די פּאָליאַקן דורכגעפירט אין דער לאַנדווירטשאַפט פון די עליאַשעס — און קיינעם נישט אַנטדעקט. דערביי באַמערקט דער גראַטע־וועטער, אַז געוויסע קריסטן האָבן אויסבאַהאַלטן יידן פאַר געלט, — עליאַש האָט קיין געלט ביי יידן נישט גענומען.**

**משה חיימוביץ, פון חדרה, באַמערקט אין זיין באַגריסונג־וואָרט אין פויליש, אַז דאָס יידישע פאָלק צייכנט זיך אויס מיט אַ לאַנגן זכרון. און אַזוי ווי מיר געדענקען די, וואָס האָבן פאַרטיליקט יידן, מוזן מיר און ווען טאַקע געדענקען די יחידים, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייערס און זייערע משפחות לעבן, כדי צו ראַטעווען יידן, נישט צוליב זייער אייגענעם נוצן, נאָר טאַקע צוליב מענטשלעכע געפילן.**

**מאַקס גוטמאַן, פון אַמעריקע, האָט אין וואַרעמע ווערטער באַדאַנקט יאַן עליאַשן**



אויף דער אויפנאַמע פון יאַן עליאַש. פון רעכטס צו לינקס: ה׳ אַפּעלבוים, ישראל זאַנדער, אליהו פריידנרייך, לעאָן שטובערט, יאַן עליאַש, גוטמאַן מאַקס מיט זיין פרוי. ביים פענצטער דישקע זימלער

**און האָט דערציילט ווי אַזוי יאַן האָט זיי אויסבאַהאַלטן און געזאָרגט פאַר זייער קיום. דערפאַר זאָגט ער, האָט ער באַשלאָסן אים שפּענדן אַ רייזע קיין ניו־יאָרק.**

דער אַלטיטשקער יאַן עליאַש איז געזעסן די גאַנצע צייט אין פּרעזידיום אַ פֿאַרטראַכטער, צווישן צוויי פֿון דיינע געראַטעוועטע, פֿון איין זייט גוטמאַן, פֿון דער צווייטער זייט שטובערט, וועלכע האָבן געפֿונען טרייסט אין זייער קבלת פּנים פֿאַרן קריסט, וועלכער ווערט אַזוי וואַרעם אויפֿגענומען דורך די לאַנדסלייט.

און אַט הייבט זיך אויף ה׳ עליאַש. ער איז ערנסט, מען פֿילט אַרויס פֿון זיין פּנים, אַז ער לעבט עפּעס איבער. אַ געריטעטער ביז טרערן זאָגט ער מיט אַ פֿאַרשטיקט קול:

— איך וויל נישט רעדן וואָס עס איז געווען, דאָס איז געשיכטע. איך שטעל זיך די פֿראַגע און אויך אייך וויל איך זאָגן, פֿאַרוואָס איך האָב עס געטאָן. איך האָב געוווסט, אַז איך באַדראָ דאָס לעבן פֿון מיר, מיין ברודער און אונדזערע משפּחות. איך האָב דאָס געטאָן — פּשוט, ווייל איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַזוי דאַרף טאָן איין מענטש דעם צווייטן! איך בין נישט קיין מאַטעריאַליסט און בין עס קיינמאָל נישט געווען. איך בין אַ פּשוטער פּויער. לויט מיין מיינונג דאַרפֿן מענטשן לעבן גוט צווישן זיך, עס טאָר נישט הערשן קיין שנאה פֿון מענטש צו מענטש, ווייל אַלע זענען מיר קינדער פֿון גאָט. מער האָב איך נישט געקאָנט טאָן. און דאָס וואָס איך האָב יאָ געטאָן, בעט איך נישט דערפֿאַר קיין שכר.

ווען איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פֿון מאַקס גוטמאַן, אַז ער וויל מיר באַדאַנקען פֿאַרן ראַטעווען זיין לעבן, מיט אַ נסיעה קיין אַמעריקע, האָב אים אים געענטפֿערט, אַז בעסער וואָלט איך געוואָלט זען ישראל. איך בין שוין אויף דער עלטער און איך האָב געוואָלט זען ווי זעט אויס דאָס לאַנד, ווו יידן לעבן און שאַפֿן. די פּאָליאַקן פֿלעגן פֿאַרוואַרפֿן די יידן, אַז זיי טויגן נאָר צום האַנדל, שפּעקולאַציע, שווינדל, פּאַראַזיטעווען, זיי האָבן דאָס אָנגערופֿן „יידישע קעפּעלעך״, אָבער אַז איך האָב דערזען דאָס לאַנד בין איך געבליבן אַ געפּלעפּטער — גאָט אין הימל! — זאָגט יאַן עליאַש — איז דאָס מעגלעך, אַז די דאָזיקע „שפּעקולאַנטן״ „שווינדלער״ זאָלן אין אַזאַ קורצער צייט אויפֿבויען אַזעלכע שיינע שטעט און דערפֿער?

איך האָב באַזוכט דאָס לאַנד. געווען אין קיבוצים, געזען די אַרבעט פֿון יידישע פּויערים — דאָס איז דאָך ממש פֿאַנטאַזיע, די לאַנדווירטן פֿון אונדזערע פּאָליאַקן דאַרפֿן זיך שעמען פֿאַר אייערע פּויערים. איך האָב געזען דעם אויפֿוואַקסנדיקן דור אין קיבוץ — זאָגט יאַן עליאַש. מען קאָן געבוירן קינדער, מען קאָן זיי האָדעווען, אָבער עס איז שווער זיי אַרויסצובערענגען אַלס מענטשן אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט. דאָ, צו 18 יאָר ווערט דער היי־געבוירענער ביי די

פויערים, שוין אַ חבר, אַ מיטאייגנטימער, ער האָט חתונה און גייט ווייטער פאָר אין דערווירטשאַפט.

דאָ, אין קיבוץ זענען נישטאָ קיין בעלי בתים. דאָס איז אַלץ זייערס. און מיר גלויבט זיך קוים, אַז יעדע גאַס, יעדער שטאָט, יעדעס הויז, יעדער פאַבריק איז געבויט דורך הונדערט־פּראָצענטיקע יידישע הענט, ווי עס האָט פריער געזאָגט, ה׳ אַנשל רייס אין זיין באַגריסונג פאַר מיר.

— דאַנק איך אייך פון טיפן האַרצן, וואָס איר האָט מיר דערמעגלעכט צו קומען זען דאָס יידישע לאַנד און איך וועל עס איבערגעבן אין מיין היים, וואָס יידן האָבן געשאַפן און שאַפן ווייטער.

מיטן געזאַנג פון „סטאָ לאַט, סטאָ לאַט"... איז דער פייערלעכער אָוונט געשלאָסן געוואָרן.

דאַנערשטיק, דעם 17־טן סעפּטעמבער 1964, האָט „יד ושם" געפלאַנצט אַ בוים אויפן הר הזכרון א. נ. פון יאַן עליאַש, אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיינע מעשים טובים.

לעאָן שטובערט (חולון, רח' שומרון 3/5)

„יד ושם" ירושלים

# וועגן חסידי אומות העולם

אַלס ענטפער אויף אייער בריוו פון 23סטן אויגוסט 1964, אין שייכות מיט יאַן עליאַש, וועלכער ווילט איצט אין ישראל, באַשטעטיק איך דאָס פאָלגנדיקע:

יאַן עליאַש, 76 יאָר אַלט, האָט פאַר דער מלחמה און אין דער אָקופּאַציע־צייט געוווינט אין דאָרף טורבאָוויצע, ראַווא־מאַזאָוויעצקער פּאָוויאַט, זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט. זיין מאַטעריעלע לאַגע איז אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע געווען אַ באַפרידיקנדיקע.

נאָך פאַר דער מלחמה האָט יאַן עליאַש אָנגעהאַלטן פריינטלעכע באַציונגען מיט יידן, צווישן זיי: גוטמאַן מאָגעלניצקי (איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן) און בענעק גאָלדמאַן. איך אָבער האָב זיך באַקענט מיט יאַן עליאַש אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען כ'האָב געאַרבעט ביי זיין ברודער סטאַניסלאַוו.

ערב דער אויסזידלונג פון די ביאַלער יידן איז געקומען צו מיר סטאַניסלאַוו עליאַש, דער ברודער פון יאַן עליאַש און מיר געראַטן, איך זאָל, קודם כל, אַנטלויפן פון געטאָ, דערקלערנדיק דערביי, אַז זיין היים איז שטענדיק אָפן פאַר מיר. בעתן אַרויספירן די יידן פון ביאַלא ראַווסקא איז אַ גרופע פון 40 מענטשן געלונגען צו אַנטלויפן. קיינער פון די אַנטלאָפענע האָט נישט געהאַט קיין צוגעגרייטע באַהעלטעניש, און זיי האָבן זיך געלאָזט איבער פעלדער און דערפער. אַ גרויסער טייל פון דער גרופע האָט זיך דערוווּסט, אַז די משפחה עליאַש העלפט די אַנטלאָפענע פון אומקום סיי מיט שפּייז, סיי מיט נאַכטלעגער. אונדזער סיטואַציע איז געוואָרן באַדראָט, ווייל אין די אַרומיקע דערפער האָט מען אָנגעהויבן אָפן צו רעדן, אַז די עליאַשעס העלפן יידן. לויט דער פאַראָרדענונג פון די היטלעריסטן האָט געדראָט פאַר דעם טויט־שטראָף.

אין אָנבליק פון דער אנטשטאַנענער געפאַר האָט יאַן עליאַש זיך באַמיט צו

פאַרשטעקן איינצלנע יידן ביי זיינע באַקאַנטע פּאָליאַקן, פאַר אַ באַלוינונג. אויף אַזאַ אופן האָט בענעק גאָלדבערג געפונען אַ מקלט אין דאָרף סאָדקאָוויצע ביי ווינצענט פלוטי; אַ מיידל פון ראַווע מאַזאָוויעצקא — אין דאָרף סוועיקי, ביים געוועזענעם לערער קאָוואַלסקי. בראַנקאַ מאַגעלניצקין האָט עליאַש אויסבאַהאַלטן ביי זיין משפחה אין וואַרשע.

דאָס הויז פון עליאַש איז געוואָרן אַ זיכערער אַנהאַלט, אַ מין זאַמל־פונקט פאַר אַלע היימלאָזע יידן. ווען עמעץ פלעגט פאַרלירן זיין „מעלינע״ — און אַ צווייטע איז נישט לייכט געווען צו געפינען — איז דאָ געווען דאָס אָרט, ווו מען האָט, אין אַן עת־צרה, געקאָנט איבערנעכטיקן און באַקומען צום עסן.

אין משך פון דער צייט — פון נאָך דער אויסזידלונג פון ביאַלא ראַווסקאַ, אין נאָוועמבער 1942, ביז דעם 15־טן יאַנואַר 1945, דאָס הייסט 27 חדשים — זענען ביי עליאַשן דורכגעפירט געוואָרן מצד דער דייטשישער פּאָליציי און די א. ק. איבער צען רעוויזיעס. סיי די ערשטע, סיי די צווייטע האָבן באַשולדיקט עליאַשן אין אויסבאַהאַלטן יידן.

אין איינעם אַ טאָג האָט אַ באַנדע אַקאָווצעס אָקופּירט דאָס הויז פון יאַן עליאַש. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דווקא אין יענעם טאָג זאָל קומען אַהין בענעק גאָלדבערג און אַריינפאַלן אין די הענט פון די באַנדיטן. דעם בחור — 17 יאָר אַלט — האָט מען מערדערלעך געפּייניקט, ער זאָל אויסזאָגן, ווו ס׳באַהאַלט זיך אויס דאָס רעשט יידן, אָבער בענעק האָט געשוויגן, קיינעם נישט פאַראַטן. ער איז אומגעקומען ווי אַ העלד, מיט אַ מאַרטירער־טויט.

עליאַשעס משפחה — זיין טאָכטער, די זין, און אויך זיין שוואָגער פראַנצישעק יאַנקאָווסקי, האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און מיטלייד פאַר די פאַרפאָלגטע און פאַרפּייניקטע יידן. זייער הילף, אין יענע גרוילעכע טעג, איז געווען אַן אומבאַגרענעצטע. און געטאָן האָבן זיי עס נישט, חלילה, צוליב באַלוינונג, נאָר פון טיפער איבערצייגונג, ווי ס׳האָט זיי דיקטירט דאָס געוויסן.

די אויבן־דערמאָנטע פאַקטן קענען באַשטעטיקן:

יאָמע ראָזענבוים — וווינט אין לאָדזש, קילינסקעגאָ 41;
יאַנעק גאָלדבערג — מאַריסיא גאָלדבערג, אויך אין פּוילן;
משה בירענבאום, וווינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן;
גוטמאַן מאַגילניצקי, אין די פאַראייניקטע שטאַטן;
בעלאַ שטובערט (מיין פרוי), ישראל.
און בראַנקאַ בערלינסקי, פאַראייניקטע שטאַטן.

כדאי צו באַמערקן, אַז גוטמאַן מאַגילניצקי קומט פון אַמעריקע דעם 1־טן סעפּטעמבער, כדי זיך צו באַגעגענען מיט עליאַשן.

איך ווענדע זיך צו דער אינסטיטוציע „יד ושם״ אין מיין אייגענעם נאָמען, ווי אויך אין נאָמען פון די אַלע, וואָס האָבן גענאָסן פון יאַן עליאַשעס הילף, אין די שרעקלעכע אָקופּאַציע־יאָרן, מיט אַ ביטע — אויף אַ געהעריקן אופן אויסדריקן אָנערקענונג דעם אַדעליקן, היינט שוין עלטערן מענטש.

יאַן עליאַש וועט ווילן אין ישראל ביז סוף סעפּטעמבער.

מיט דרך ארץ

ל. שטובערט.

## אריה יעקובוביץ

# חוה ניימן

בתו של ר׳ בונם שלמה. היא היתה האשה היחידה בעירנו שמשחר ילדותה הצליחה בלימודים. היא תפסה מקום כגבר, היא צעדה קדימה בכל הלימודים. היא היתה הראשונה בעירנו בתקופה אז שהתחילה ללמוד תנ״ך ורש״י וזה היה מוזר לגמרי לאנשי ביאַלא. תואר פניה לא עשה רושם ביותר, אבל ראשה המחודד כן עשה רושם. היא היתה כשרונית והיתה לה תפיסה מהירה ועוד כנערה משכה את תשומת לב של כל הנוער האינטליגנטי בעירנו. היא הצליחה מאד בלימודים ובבית ספר הלא יהודי היתה במקום הראשון והצטיינה בציונים מיוחדים בכל המיקצועות מכל התלמידים. לביתו של ר׳ בונם שלמה באו הרבה תלמידים לעשות שעורים יחד עם חוה׳לה, כי לחוה׳לה היתה תפיסה מהירה וקליטה נכונה וכולם רצו לעשות יחד אתה שעורים, כי היו בטוחים שהשעורים שחוה׳לה עשתה הם בסדר.

מה שחוה׳לה היתה מתבגרת התרכזו סביבה יותר חברים וחברות והחדר של בונם שלמה, שהיה משמש אקדמיה עבור אלה שהתחילו באלף־בית ולמדו מהבוקר עד הערב, היה בערב מלא עם תלמידים גדולים שבאו לא לר׳ בונם שלמה רק לבתו חוה׳לה.

ר׳ בונם שלמה סיפר לי שכשהציעו לבתו החתן ניימן שנפטר בגיל 40 שנה, הוא היה בחור נחמד וגם מלומד והיא ביפיה לא מצאה חן, אבל משהבחינו אותה בכמה דברים בהיסטוריה ומטמטיקה והיא ענתה תשובה כמו שמוציאים מהכיס, תיכף הסכימו לשידוך.

חוה׳לה היתה יחידה בעירנו שהיתה כל כך מלומדת, היא היתה יחידה בתור חברה במועצת העיריה בביאַלה. בעלה עבד בטחנת קמח וכבן 40 שנה נפטר. היה להם 2 בנים ובת. הבן הגדול יעקב חי בחו״ל, כמדומני בקנדה. הבן השני פישל שבקטנותו היה ברוך כשרונות ופקחות, הוא זכה לדרגה גבוהה בצבא הפולני ומתוך קנאה הרגו אותו. זכה ללויה בעיר הבירה בורשה שאף יהודי לא זכה לזה. הבת פייגהלה היתה ילדה מאד נחמדה, היא היתה אחת משלשה עשר הרוגי מלכות הרשע הי״ד.

על פישל ניימן יבוא פרק מיוחד.

ת. נ. צ. ב. ה.

# פישקע נײמאַן

פישקע נײמאַן איז געבוירן אין ביאַלאַ־ראַוסקאַ. אַן אייניקל פון בינם שלמה מלמד. זײַן מוטער איז געווען אַ לערערין און גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין



געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט. זי האָט אויך רעפּרעזענטירט דעם „בונד" אין שטאָטראָט פון ביאַלא.

שוין אין די גאָר יונגע יאָרן איז פישקע געווען טעטיק אין „בונד" — „צוקונפט". ווען ער האָט פאַרלאָזט ביאַלא איז ער געווען אַ מיטגליד אין פאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע ביים „בונד" אין וואַרשע און זיך אויסגעצייכנט ביי אַלע אַרבעטן פון „בונד", כאָטש ער האָט שווער געאַרבעט אויף זיין טעגלעכער עקזיסטענץ האָט ער נאָך געפונען צייט צו לערנען און איז אויס־געוואַקסן אַלס איינער פון די באַוווסטזיניקסטע חברים פון „בונד" אין וואַרשע. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער אַוועק אין רוסלאַנד און איבער־געלעבט אַלע שבע מדורי גיהנום, תפיסות, פאַרשיקונג אז"וו.

נאָכן באַקאַנטן שיקאָרסקי־אָפּמאַך איז ער מאָביליזירט געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי, און מאַרשירט פון סטאַלינגראַד ביז בערלין, אַלס פאַרטשניק, נקמה גענומען פאַרן יידישן בלוט, וואָס איז אומזיסט פאַרגאָסן געוואָרן.



ביאַלער יידן ביים פרישן קבר פון דעם דערמאָרדעטן פישקע ניימאַן, 1945. אַנטהילונג פון דער מצבה.

געקומען קיין לאָדזש מיט פיל חלומות וועגן אויפשטעלן אַ ניי יידיש לעבן אין באַפרייטן פוילן. ער האָט מאַרשירט אין די לאָדזשער גאַסן, געפּאַדערט

גערעכטיקייט פאַר די געבליבענע שארית הפליטה, נאָך דאָן אונטער דער פאָן פון „בונד״.

אין 1946, נאָך אַ מאַי־פייערונג, איז ער דערמאָרדעט געוואָרן פון דער באַנדיטישער א. ק. אין זיין וווינונג, ווען ער האָט זיך געפונען אין באָד־צימער, זיי האָבן אַ סוף געמאַכט צו זיין יונג קעמפעריש, ברויזנדיק לעבן.

מיר וועלן אים אייביק געדענקען — אַ קעמפער פאַר פוילנס פרייהייט. ער האָט געגלויבט אין נצחון ביז ער האָט באַצאָלט מיטן לעבן.

כבוד זיין אָנדענקונג!

**אליהו**

אריה יעקובוביץ

# רבנים בעירנו

רבינו מנחם מנדל הלוי פרייז, בעל מחבר ספר תפארת מנחם על מסכת יבמות וכתובות. מחשובי בעלי בתים מעירנו ביאלא שמענו תמיד שהתפארו ודברו קצת בגאוה, שעירנו הקטנה זכתה תמיד לרבנים גדולי תורה שיצאו להם מוניטין בכל הסביבה. הרב מנחם מנדל הלוי זצ״ל מוכר היה כגאון אדיר כבעל מוח חריף ומחודד. ראשו ורובו שקוע בים התלמוד והפוסקים הראשונים והאחרונים. גדולי התורה שמחו להשתעשע אתו בדברי תורה וחלקו לו כבוד גדול כי הכירו בו כתלמיד חכם מובהק, מוחו קולט ומוציא, כל עומק שכלו היה שקוע ומשועבד ללימוד התורה, הוא היה מברר הלכות וגדולי הלמדנים קבלו דעתו הצלולה כי ידעו שיש על מי להסתמך. הוא היה מהרבנים הגדולים בתורה שנתברכה עירנו ביאלא־ראבסקא. במבט ראשון יכולת לעבור עליו בלי שיעורר את תשומת לבך בהופעתו הצנועה, אבל ברגע שנכנסת בשיחה אתו בדברי תורה עומד היית ומשתאה נוכח בקיאות מופלגת כזו בכל חדרי התורה. ספריו החשובים תפארת מנחם על יבמות וכתובות בהופעתם עשו רושם עצום ואז הוא נתפרסם יותר לתהילה ולתפארת כגאון אדיר, כי זה לא דבר קל לחבר פירוש על יבמות, זאת היתה משימה קשה ורבת אחריות, שהרבה גדולים בתורה לא העיזו לקחת משימה כזאת על עצמם. מסופר על הגאון מאוסטרובצה, לפני שנתקבל כרב ואב בית דין בעיר סקירניביץ והוא היה אז צעיר לימים. חלק גדול מעיר סקירניביץ לא הסכימו שסתם יקבלו רב צעיר בלי המלצה מאחד מגדולי הרבנים הגאונים. לצורך זה בחרו בועדה של למדנים גדולים בתורה והם קבעו לנסוע אתו להגאון ר׳ יהושעלה מקוטנא והוא יבחון אותו, ויתן המלצתו באם הוא ראוי להיות רב ואב בית דין בעיר כזאת כמו סקירנביץ. הועדה יחד עם הגאון מאוסטרובצה נסעו לר׳ יהושעלה מקוטנא והציגו את הגאון הצעיר כמועמד לרב לעיר סקירנביץ והם בקשו חוות דעתו של הגאון



ספר

# תפארת מנחם

על

חשן המשפט

חלק ראשון

חדושים יקרים: מזהב ומפז נחמדים. כפתור ופרח
משוקדים. ביאורים נפלאים, נחמדים ונאים.
בפלפולים, עמוקים מדבש מתוקים כאשר עיניכם
תחזינה מישרים:

מאת

כבוד הרב הגאון, החריף ובקי בחדרי תורות, סיני ועוקר הרים
ושונה זו בזו בסברות, המפורסם לתהלה ולשם ולתפארת,
בחבורים אשר חיבר ועשה חיל ופעל גבורות, והדפיס
מכבר ב' ספרי תפארת מנחם על מסכת יבמות
וכתובות, ובעזה"י נתקבלו על פני תבל, כש"ת מוהר"ר
מנחם מענדיל הלוי שליט"א היושב בשבת תחכמוני
בק"ק ביאלע (ראדזקי) יצ"ו:

הובא לבה"ד ע"י בית-מסחר הספרים של ר' אברהם יוסף נ"י
קליינמאן נאלעווקי 41

ווארשא

שנת תרע"ט לפ"ק

**מקוטנא. הוא נתן מבט מקיף עמוק מכף רגל עד הראש על האברך ושאל אותו באיזה מקצועות התורה הוא בקיא, והגאון מאוסטרובצה ענה לו שהוא יודע לתרץ כל קושיות של תוספות על מסכת יבמות. בשמעו התשובה נבהל הגאון מקוטנא לכל הנוכחים. הויכוח בין שתי אריות שרי התורה לקח שעות. גם הלמדנים לא הבינו במה הם שרי התורה מתפלפלים, ובסוף פנה הגאון מקוטנא לאנשי סקירנביץ ואמר להם, הריני ממליץ שהאברך הזה יכול לשמש כרב**



די אַלטע ביאַלער רביצין, די פרוי פון מנחם־
מענדל פרייס (תפארת מנחם)

**בישראל בכל עיר ועיר, כי הוא מלא וגדוש בתורה וביראת שמים והוסיף עליו הרבה שבחים. עם המשל מהגאון מאוסטרובצה התכוונתי להראות שלא קל על מסכת יבמות כי גאון כמו האוסטרובצי ידע לתרץ את הקושיות של תוספות על מסכת יבמות.**

רבינו התפארת מנחם היה מתנגד גדול לפרסומים למרות שבחיבוריו עשה חיל ופעל גבורות מכל העולם הגיעו אליו שאלות ותשובות שיחווה דעתו בענינים מסובכים, הוא היה בורח מן הכבוד ולא שם לב שהכבוד רודף אחריו, וזה עובדה מה שמסופר עליו, כידוע הרב בעל תפארת מנחם היה חסיד גור ונסע להרבי רבי אברהם מרדכי זצ״ל. פעם קרה בשבת שהרבי חילק לו כבוד גדול כי הכיר אותו כי גדול בתורה כגאון ובעל מדות טובות, הרבי הזמין אותו לשבת על ידו ונתן לו שריים מהראשונים, וראו החסידים שהרבי מחבב אותו מאוד והתפלאו כולם לאיזה כבוד גדול זכה הרב מביאלא. כשחזר הביתה מהרבי מגור סיפר למקורביו בצער בלתי לנשוא על מה שהרבי חילק לו כבוד, בכאב לב דיבר על זה כאילו ח״ו קרה איזה שהוא דבר רציני. קשה להאמין כמה גדולה היתה דרגת עניוותו. בהרבה מקרים השפיל את עצמו יותר מדי, יתכן מאוד שזה היה יותר מדי השפלה, כי בכל זאת היה תלמיד חכם ומופלג בתורה. כשנכנסו אנשים פשוטים, הוא דיבר אתם כחברים ולקח מהם סיגרה, וככה חשבו שאין צורך להתנהג בכבוד ובדרך ארץ כלפי הרב, בכל זאת כתוב שתלמיד חכם מותר לו להשתמש בשמינית שבשמינית של גאוה, שלא יהי מושפל בעיני הבריות.

כדאי להביא הסיפור מה שקרה פעם עם החפץ חיים זצ״ל. לח״ח נזדמן פעם לנסוע עם עגלון לראדין עיר שחפץ חיים היה גר, והעגלון לא הכיר אותו. שהתחילו לנסוע שאל הח״ח לעגלון בשביל מה הוא נוסע לראדין, והעגלון ענה שהוא נוסע לצדיק! לאיזה צדיק? שאל הח״ח. להצדיק הידוע שגר בראדין וקוראים לו החפץ חיים. זה גם כן צדיק ענה לו בליגלוג. בשמעו דבורים כאלה כיבד העגלון לח״ח עם השוט כהוגן. בהגיעם למחוז חפצם, כשראו אנשים שהח״ח בא כרגיל, התאספו בהמונים ותיכף נעשה דוחק מקהל אנשים שכולם ניגשים להח״ח מי בשלום עליכם, ומי בשואל בשלומו. העגלון עומד ומתפלא, מה פה קורה? ואחרי שאמרו לו שהאיש הזה שהוא נסע אתו זה הוא הח״ח בכבודו ובעצמו, הוא התעלף במקום, וביקש מהח״ח שימחול לו, ועל זה אמר לו, שלא העגלון האשם, כי לא כל מקום מתאים תמיד להשפיל את עצמו יותר מדי, כי הפעם הוא האשם. באם הרב כאיש ציבורי רוצה לא להיות מכובד מהציבור, מוטב להשפיל את עצמו כמו שעשה הרב הבעל תפארת מנחם. זוכרים כולם את העניוות שלו, שהיתה יותר מדי, בגלל זה התחצף הקהל נגדו, כי היה רגיל לקבל על עצמו כל מיני עלבונות, צעקות ואפילו לא לענות מלה אחת. הוא היה הגורם שהקהל היה כבר מחונך שאין צורך לכבד לרב ואין צורך להתנהג בדרך ארץ.

זוכרני שפעם איחר הרב לבוא לבית הכנסת להתפלל בשבת, קמו צעקות מהקהל, כאילו קרה איזה אסון, והוא אף מלה אחת לא ענה להם. אחרי התפילה הוא סיפר שהיות והוא עיין במדרש וזה היה פרשת נשא שהמדרש רבה היא הרבה דפים ושכח קצת, שכבר הגיע הזמן להתפלל. יתכן מאוד שזה היה שגיאה מצדו, כרב אסור היה לו להשפיל את עצמו ובגלל זה הקהל לא התחנך לכבד את הרב כמו שמגיע לכבד תלמיד חכם.

הייתי צעיר למדי שאוכל להרחיב את היריעה ולכתוב קווים לדמותו וזה שיאני כותב זה רק מעט מן הזעיר. שבקטנותי קלטתי מפי אנשי הרוח בעירנו. כי אחרי שספרו תפארת מנחם יצא לאור, נחשפה דמותו הגאוני. שמעתי שהיה לו זכרון להפליא. היו מקרים שדפים שלמים קרא בעל פה מה שכתוב בספר. פעם התקיים דין תורה אצלו, והיה ענין לגמרי מאוד מסובך, והוא אמר שכל הענין הזה נמצא בספר, וזה כבר שלושים שנה שלא החזיק הספר בידו והראה באיזה מקום נמצא הספר, ובאיזה דף אפשר למצוא כל הענין המדובר. הרבה שאלות ותשובות הגיעו אליו מכל העולם, הלמדנות שלו היתה משתקפת בעיקר בבקיאות ובחריפות במוח מחודד וזכרון חזק. הוא היה כבור סיד שאינו מאבד טיפה. כמה בחורים חריפי מוח למדו אצל הרב, אחד ביניהם היה אברהם ווניארקא מזירדוב. הוא היה מסוגל לקלוט כל שיעור או אפילו דרשה של הרב ואחר כך לחזור בה. הוא היה בעל מחבר ספר „נירות דועכים״. לפני ארבעים שנה קראתי את הספר שנכתב ביידיש. הייתי כבן חמש עשרה מתי שהרב התפארת מנחם זצ״ל נפטר באופן פתאומי והוא היה בגיל שבעים. פטירתו עשתה רושם עצום, הרבה רבנים וסתם אנשים וגם הרבי ר׳ יוסף מאמשינוב באו להשתתף בהלוויתו והספידו אותו בבית הכנסת. ההספד של הרבי מאמשינוב היה בבכיות גדולות, הוא אמר בין היתר, שהיה לו שכן גאון וצדיק והעולם לא ידע כמה הוא היה גדול בתורה.

לא עבר הרבה זמן אחרי פטירתו התפתח והתפשט מחלוקת עצומה בכל העיר, היות ומקובל היה מכל הזמן שרבנים בעירנו היו פעם חסידי גור ופעם חסידי אלכסנדר. פעם היה ר׳ שמעון וולשצבר חסיד אלכסנדר. שוב הרימו הראש חסידי אלכסנדר ביחד עם חסידי אמשינוב והביאו רב חסיד אלכסנדר בעל הופעה נאה והיה לו פה מפיק לדבר. בשבת הראשון הצליח למשוך את קהל האנשים הפשוטים בעלי מלאכה, כי הוא ידע כיצד לדבר אתם על מנת למצוא חן בעיניהם. חסידי גור הם שוב פתחו בחזית שניה, והם הביאו את המורה הוראה הרב מנחם מנדל ליפשיץ מראווא כמועמד לרב. והם באו בהצעה כזאת. היות והרב השאיר אלמנה צעירה היא היתה האשה השניה של הרב ונשארה עם ילדים קטנים, ורצו

**צו אַלע מיינע טייערע חברים, וואָס האָבן מיט מיר צוזאַמען געבויט און געשאַפן, און געטרוימט צו קומען אין ארץ ישראל און נישט זוכה געווען צו זען דעם אויפבוי פון אונדזער מדינה, די אַלע, וואָס האָבן געזונגען אין פינצטערע גלות־נעכט די ווערטער פון אונדזער שבועה — אַז אויב ווען צו שטאַרבן אין מיטן דעם שטרעבן, ס'איז אונדז נישט באַשערט צו קומען דאָרט, דאַן וועלן מיר אַנדערע דעם גייסט איבערגעבן און זאָלן זיי פאַרטרעטן אין קאַמף אונדזער אָרט...**



אַ גרופּע ציוניסטישע יוגנטלעכע אין ביאַלע־ראַווסקע. אויבן פון רעכטס: **הערשל** הערשקאָוויטש, לייביש ערליך, פערל שרייבשטיין, לייביש־משה יאַנאָווסקי, עלקע גאָלדבערג, איטשע־בער רעפּשטיין, זיסל לייזעראָוויטש, ליפּע פריידנרייך און חנה באָרנשטיין. אונטן זיצן: פון רעכטס לייבל קופּערשמידט, אַנשל גוויאַזדע, דאָס יינגעלע גאָלדבערג, גיטל שטובערט און הערשל אָרטמאַן

טייערע חברים, אייער אַרבעט און איבערגעגעבנקייט איז נישט געגאַנגען פאַרלוירן; פון רמת הגולן, פון סועץ קאַנאַל און ירושלים האָבן אונדזערע קינדער פאַרגעזעצט דעם קאַמף, וואָס איר האָט אָנגעהויבן, און זיך נישט געלאָזט פאַר־ניכטן. פון דער ציוניסטישער באַוועגונג ביז דער „הגנה״ און צה״ל איז איין קייט פון גרויסן מסירת־נפשדיקן קאַמף; מיט כבוד פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק און פאַר די געפאַלענע אין אַלע ווינקעלעך פון דער יידישער וועלט איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אונדזער גרויסע פעסטונג, וואָס הייסט: מדינת ישראל.

דאָס איז אונדזער טרייסט, ווען איך מאַך דעם טרויעריקן סך הכל.



די פראָנט־וואַנט פון דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע
(הויז פון אַנטעק באַבאַ)

אריה יעקובוביץ (תל־אביב)

# אגודיסטישע באַוועגונג אין ביאַלאַ ראַווסקא
# „אגודת ישראל — צעירי אגודת ישראל"

אין דער תקופה, ווען דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום אין פוילן האָט זיך אָרגאַניזירט און איז געוואָרן אַ פאַרטיי גלייך מיט אַלע אַנדערע פאַרטייען, האָט



אַ טייל פון „צעירי אגודת ישראל" אין ביאַלאַ ראַווסקאַ

עס אויך אונדזער שטעטל ביאלא נישט אויסגעמיטן און די אַלע יידן, וואָס זענען געווען גערער חסידים און געדאַוונט אין גערער שטיבל זענען אויטאָמאַטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אגודיסטן. דאָס שטיבל האָט געדינט אַלס פעסטונג פון דער „אגודה" אין ביאלאַ און דאָס איז געווען דער רצון פון אַלטן גערער רבין,

אַז זיינע חסידים זאָלן שטיצן די אגודת ישראל־באַוועגונג. און אַז דער רבי האָט געהייסן איז דאָך נישט פאַראַן, אַז עס זאָל ווער ווען זיין אַ פּורץ גדר.

קיין ספּעציעלע טעטיקייט האָט די „אגודה" אין ביאַלאַ נישט געפירט. דער שטענדיקער פּרעזעס איז געווען ר׳ אברהם פריידנרייך. כאָטש ער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד חכם, וואָס איז געזעסן ימים ולילות ביי דער גמרא, דאָך האָט ער זיך אָפּגעגעבן זייער פיל פאַר דער באַוועגונג פון „אַגודת ישראל" און זייער פיל מיטגעהאָלפן ביים גרינדן די „צעירי אגודת ישראל" און אויך אַ „בית יעקב" אין אונדזער שטאָט.

קיין אָרגאַניזירטע חברים פון דער „אגודה", וועלכע זאָלן צאָלן אַ מאָנאַטלעכן ביישטייער זענען נישט געווען. אויך קיין ספּעציעלער לאָקאַל איז נישט געווען. דאָס גערער שטיבל איז געווען דער מרכז. ווען עס האָט געהאַלטן ביי בחירות צום סיים זענען אַלע געווען אָרגאַניזירט און געווען גרייט צו העלפן דעם נצחון פון דער „אגודה". די גאַנצע יוגנט, וואָס איז געזעסן ביי דער גמרא יומם ולילה איז גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין אָרגאַניזיר־אַפּאַראַט, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע פון פּראָפּאַגאַנדירן און וועקן דעם רעליגיעזן יידנטום און זיי אָרגאַניזירן. געווען אויך עלטערע חסידים, וואָס זענען נישט געווען צופרידן, ווען מען האָט געדאַרפט שטיצן מיט געלט.

איך געדענק אַז דער „ייד" איז דערשינען אַלס טאָג־צייטונג פאַר דער „אגודה". דער גערער רבי זצ״ל האָט געהייסן, אַז זיינע חסידים זאָלן די צייטונג שטיצן, כדי זי זאָל קאָנען דערשיינען. איך האָב געהערט אַ רעפעראַט פון זייער אַ גוטן רעפערענט, אַן אינסטרוקטאָר פון דער „אגודה", וואָס האָט באַזוכט פיל שטעט. ער האָט געזאָגט אין זיין רעפעראַט אין גערער שטיבל, אַז עס זענען פאַראַן פיל עלטערע חסידים, וואָס זאָגן, אַז זיי זענען פון שפת אמת חסידים, אַז, דער רבי זאָל לעבן, הייסט שטיצן אַ טאָג־צייטונג הייסט דאָס אויך חסידות. צווישן די טעטיקסטע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך פיל אָפּגעגעבן פאַר דער באַוועגונג פון „אַגודת ישראל" איז געווען שמואל אלבערט. ער איז געווען אַ רעדנער בחסד עליון און ער האָט זיך איבערגעגעבן בלב ובנפש צוזאַמען מיט ר׳ אברהם פריידנרייך צו שאַפן אַ „צעירי אגודת ישראל" אין ביאלא. און עס איז געווען אַ שווערער פּראָבלעם צו שאַפן געלט צו דינגען אַ לאָקאַל. זיי האָבן צוגעצויגן אַלע יוגנטלעכע חברים און אַלע צוזאַמען האָבן געשאַפן געלט אויף אַ לאָקאַל. דאָס איז געווען אין יאָר 1929, דאַן איז געשאַפן געוואָרן אַ שיינע צעירים־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געציילט פון 40 ביז 50 חברים, וועלכע האָבן

געפירט אַ שיינע טעטיקייט. אַלע לומדי תורה האָבן געשאָנקען פיל פון זייער צייט צו לערנען שיעורי ערב גמרא און אַנדערע לימודי קודש. פון די הויפּט־מגידי שיעור זענען געווען ר׳ משה וועבער, ר׳ משה קאָצקער, ר׳ אברהם פריידנרייך, ר׳ אברהם אלי בענזעל, ר׳ איטשע מאיר בענזעל א. אַנד.

עס איז גלייכצייטיק געגרינדעט געוואָרן אַ שיינע ביבליאָטעק, וועלכע האָט געהאַט זייער וויכטיקע ביכער און זייער צאָל איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג, ווייל מען האָט אויך צוגעקויפט פיל נייע ביכער. עס איז געוואָרן געוויילט אַ פאַר־וואַלטונג מיט פאַרשידענע קאָמיסיעס, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע אַריינצוברענגען תורה און וויסנשאַפט צווישן דער יוגנט.



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון „צעירי אגודת ישראל״. פון רעכטס: שאול אַרטמאַן, איטשעלע ראָזענבערג, לייביש יאַקובאָוויטש, פישל זיידע, ד״ב אַרטמאַן

נאָך אַ קורצער עקזיסטענץ איז די צעירים־אָרגאַניזאַציע געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. בראש פון דער צעירים־באַוועגונג האָבן זיך געשטעלט שמואל מענצינג, לייבל מענצינג, לייבל וועבער, ישראל פידרא, מענדל און יצחק וועבער, וועלוול מילער אויך יבד״א ר׳ דוד ארליך, וועלכער איז מיט אונדז אין ישראל. די אַלע אויבן דערמאַנטע חברים זענען געווען דער שענסטער עלעמענט פון דער לומ־

דישער „אגודה״־יוגנט, מיט וועלכער מען האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו פאַרשעמען.

די שבתים און ימים טובים זענען פאַרבראַכט געוואָרן מיט פיל תוכן. ספּעציעל זענען געווען אינטערעסאַנט די ווינטער פּריוואַט־צוזאַמענקונפטן, ווען ר׳ בנימין ראָזענבערג האָט געלערנט בערך אַ דריי שעה פּרשת השבוע מיט פיל געשמאַקער הסברה, וואָס ער האָט זיך דערמיט אויסגעצייכנט. ביים ענדיקן איז געווען אַ שאָד, וואָס די צייט איז אַזוי שנעל אַוועק.

שוין אַוועק אַזויפיל יאָרן ווי איך אַליין האָב אַנטייל גענומען, צוזאַמען מיט די אויבן־דערמאַנטע, אַלס חבר אין דער „צעירי אגודת ישראל״, ווו איך בין געווען טעטיק אויף אַלע געביטן מיט פיל איבערגעגעבנקייט און עס איז ביי מיר די בעסטע סאַטיספאַקציע זיך צו דערמאָנען פון יענער תקופה, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט צוזאַמען אויף פּגישות פון פיל שטעט.

אַט, למשל, האָבן מיר געהאַט איין פּגישה אין גריצע פון 16 שטעט. מען איז אַרויסגעפאָרן פון ביאַלא ביינאַכט און אינדערפרי זענען מיר אריינגעקומען קיין גריצע. די גאַנצע שטאָט גריצע האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי אָקופּירט פון רעליגיעזער יוגנט. די רעפעראַטן האָבן געדויערט אַ גאַנצן טאָג.

ווען דער גרויסער מנהיג פון דער אגודה ר׳ אלכסנדר זישה פרידמאַן האָט געהאַלטן זיין רעפעראַט, וואָס האָט געדויערט בערך 3 שעה און געהייסן די ארץ ישראל־אקאַדעמיע, זענען אַלע ווי באַצויבערט געוואָרן, יעדער איז געווען ווי צוגעשמידט צו זיין פּלאַץ, אָן באַוועגונג.

מען האָט פאַר אַלע צוגעגרייט אַ קאָלעקטיוון אָוונטברויט. מיר האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט די שענסטע מנהיגים פון „אַגודת ישראל״ און „צעירי אגודת ישראל״. ווי שיין איז געווען צו זען ווי דער גאַנצער שטאָטישער זאַל איז געווען פול מיט בלויז יוגנטלעכע מיטגלידער פון „צעירי אגודת ישראל״, וואָס אַלע זענען געווען פול מיט התלהבות.

אויף וויפל מיר זענען געווען דעמאָלט טעטיק אָן קיין שום טענדענץ, אידעאָלאָגיע פון אַ קרדום לחפור בו קאָן דינען דער פאַקט, אַז אין אַ שווערן ווינטער־טאָג, ווען דער שניי האָט אונטערוועגנס דערגרייכט ביזן קאָפּ, האָב איך און בערל ארטמאַן און נתן קשאַנזשעניצקי און פישל זיידע געמאַכט אַ מאַרש צו אַ יידישן פריץ. עס איז געווען 8 קילאָמעטער צו גיין צו פוס. מיר זענען פאַראינטערעסירט געווען צו גרינדן אַ הכשרה־פּונקט פון חקלאות. אַהין און

צוריק זענען מיר געגאַנגען צו פוס. פיל מאָל האָבן מיר קיין וועג נישט געהאַט, ווייל אַלץ איז געווען פאַרשאָטן מיט שניי.

דאָס איז אַ פראַגמענט ווי חברים זענען געווען איבערגעגעבן צו זייער אידעאַל.

איך געדענק, ווען מיר האָבן פאַרשפרייט פישקעס כיס אוסף צו זאַמלען געלט פאַר ארץ ישראל, האָבן אַלע חברים געהאָלפן ביי דער אַקציע.

געווען איז עס אין יאָר 1933 ווען די „אגודה" האָט געשאַפן הכשרה־



דער קבוץ „נגרות" פון „צעירי אגודת ישראל" אונטער דער אָנפירונג פון מרדכי גראָסבאַרד (1934)

פונקטן. אין פוילן האָט אַ גרויסער טייל פון דער באַוועגונג זיך געלאָזט מיט דער גרעסטער ענערגיע אין די הכשרה־פונקטן. צום גרויסן באַדויערן האָט די „אגודה" נישט געקאָנט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון דער יוגנט צו פאָרן קיין ארץ ישראל, ווייל נאָר אַ קליינע צאָל סערטיפיקאַטן האָט זי באַקומען.

דער דראַנג פון דער יוגנט עולה צו זיין איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אויך אין ביאלא איז געשאַפן געוואָרן אַ הכשרה־פונקט פון סטאָלעריי, אָבער לײדער זענען פיל פון די, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ קיבוץ־הכשרה געבליבן אין פוילן און נישט געהאַט די זכיה צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט.

זייער אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט וואָלט געווען פאַרלאָזט פוילן, ווען זיי וואָלטן געהאַט אַ מעגלעכקייט עולה צו זיין. אָבער צום גרויסן באַדויערן זענען אַלע וועגן געווען געשלאָסן. און איך ווייס נישט וועמען צו באַשולדיקן, ווייל מען האָט באַדאַרפט אָנהייבן פריער צו אַרבעטן אין דער ריכטונג.

ווען איך האָב גענומען דעם טשעמאַדאַן און געפאָרן אין אַ קיבוץ־הכשרה פון „אגודת ישראל" האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַלע מיינע חברים האַלטן מיך נישט פאַר קיין נאָרמאַלן מענטש. אָבער איך בין נאָכגעגאַנגען מיין אייגענעם שכל. ווען איך בין שוין באַשטעטיקט געוואָרן צו פאָרן, האָבן אַלע מיך מקנא געווען און געוואָלט זיך געפינען אויף מיין אָרט.

ווען איך האָב פאַרלאָזט ביאַלאַ — דאָס איז געווען אין אָנהויב פעברואַר 1935 — איז די גאַנצע אגודיסטישע יוגנט געווען גרייט מיטצופאָרן מיט מיר. אין דער צייט ווען איך האָב פאַרלאָזט פוילן האָט די באַוועגונג פון „צעירי אגודת ישראל", „פועלי אגודת ישראל" ווי אויך „בנות אגודת ישראל" זיך שוין אַנטוויקלט אין אַלע שטעט פון פוילן.

אויף מיין וועג אין קיבוץ האָב איך באַזוכט קעלץ, כענטשין, יענדזשעאָוו און דערנאָך לאָדזש און איך האָב געטראָפן אַ געזונטע, אָרגאַניזירטע באַוועגונג פון דער רעליגיעזער יוגנט אין פוילן. אָבער די האַנט פון היטלערן האָט איבעראַל דערגרייכט, כדי צו פאַרניכטן און נישט איבערלאָזן פון קיינעם קיין זכר.

לייביש יעקובוביץ

## די גרינדונג פון „בית יעקב" אין ביאַלע

געווען איז עס בערך אין יאָר 1930. דאַן איז געגרינדעט געוואָרן אין ביאַלאַ אַ בית ספר „בית יעקב". געשען איז עס אַ דאַנק דער פרוי שייבע, די שוועסטער פון צימה די בעקערין. זי האָט געהאַט די דרייסטקייט אַריינצוגיין אין גערער שטיבל און האַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער נויטיקייט פון אַ „בית יעקב". געווען איז עס ביי אַלעמען עקזאָטיש, אַז אַ פרוי זאָל וואַגן אַריינצוקומען צווישן אַן עדה פון חסידים און מיט מוטיקייט פאָדערן פון יעדן איינעם צו העלפן שאַפן אַ רעליגיעזע שול, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט צו דערציען יידישע טעכטער אין גייסט פון תורה. זי האָט געגעבן צו דערקלערן, אַז אויב וועט דער פרומער ייד נישט טראַכטן וועגן דער צוקונפט פון דער יידישער טאָכטער, קאָן ער דער־וואַרטן נישט קיין גוטע רעזולטאַטן. זי האָט געשילדערט, אַז עס זענען פאַראַן טעכטער פון חסידישע הימען, וועלכע זענען „ווייט פאַרקראָכן". מען קומט שוין אין דער געזעלשאַפט פון סטודענטן, נישט מיט קיין יידן. ווייל אויב מען לערנט צוזאַמען אין די שולן מיט נישט קיין יידן קאָן זייער לייכט פּאַסירן מען זאָל קומען אין קאָנטאַקט מיט אַ שגץ און דאַן קאָן עס ברענגען צו נישט קיין אַנגענעמע פאלגן.

די פרוי שייבע האָט געוווינט אין לאָדזש. איר מאַן איז געווען אַ חשובער אָנגעזעענער גערער חסיד און דערצו אויך אַ שטיקל פאַבריקאַנט פון קאָלדרעס. איר פאַמיליע אין ביאלא זענען אויך געווען זייער אָנגעזעענע מענטשן. אַזוי האָט זי געקאָנט האָבן דעם מוט זיך אַוועקשטעלן רעדן פאַר חסידישע יידן מיט זיידענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך און מען האָט איר נישט געשטערט און מיט אינטערעס אויסגעהערט.

און ווי זאָגט מען, אַז דברים היוצאים מן הלב נכנסים ללב. זי האָט דערקלערט, אַז זי גייט נישט אַוועק פון שטיבל ביז אַלע וועלן נישט נעמען אויף זיך די

הייליקע פליכט צו גרינדן אַ „בית־יעקב״־שול און יעדער מוז זיך באַשטייערן מיט אַ סכום, וואָס זאָל קאָנען געבן די מעגלעכקייטן גלייך צו שאַפן אַ לאָקאַל און אויך אַ געהאַלט פאַר אַ לערערין די ערשטע פּאָר מאָנאַט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיע פאַר אַזעלכע זאַכן, אָבער לײדער האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן. ווער עס האָט זיך מיט אַ פאַלשן תירוץ געוואָלט אַרויסדרייען האָט מען דעם טלית פאַר אַ משכן גענומען. און אַזוי האָט מען גלייך געלייגט דעם גרונט פאַר אַ „בית־יעקב״. מען האָט אַרויפגעלייגט די פליכט אויף עטלעכע



מיידלעך פון דער אגודה׳שער מיידל־שול. אויבן אין ווייסן בלוזקעלע (צענטער) שיינע זימלער, היינט אין ישראל. אונטן זיצן: צימע גאָלדבערג, האָמער (פאַר־נאָמען פאַרגעסן), חיה ראָזענבערג

חשובע בעלי הבתים, וועלכע זאָלן שטיין בראש דורכצופירן אַן אַקציע פון שאַפן געלט.

נישט לאַנג האָט געדויערט און אַ „בית יעקב״־שול איז געשאַפן געוואָרן לשם ולתפארת. אַ גרויסער טייל פון דער שטאָט האָבן זייערע מיידלעך פאַרשריבן אין דער „בית יעקב״־שול און געלערנט האָבן דאָרטן קינדער פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

אויך איז געגרינדעט געוואָרן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר מיידלעך, אונטערן נאָמען „בנות אגודת ישראל״. זיי האָבן געהאַט אַ לאָקאַל, ווו זיי פלעגן זיך אָפטמאָל צוזאַמענטרעפן און פירן אַ שיינע טעטיקייט. זיי פלעגן זיך האַלטן צוזאַמען. אין דער זעלבער צייט איז אין גאַנץ פוילן געוואָרן געגרינדעט, אין יעדער שטאָט און שטעטל, „אַ בית יעקב״ און געווען איינצלנע מענטשן, וואָס אַ דאַנק זייער איניציאַטיוו און איבערגעבנקייט האָט זיך די שול אויסגעהאַלטן. אַ ביסל האָבן די עלטערן פון די קינדער געצאָלט און אַ ביסל זענען געווען



משה ווײַנער מיט זיין פרוי חיה — לאַנגיאָריקער לערער
פון דער יידישער פאָלקס־שול אין ביאלא ראָווסקא

אַזעלכע, וואָס האָבן געשטיצט מיט געלט, כדי די שול זאָל האָבן עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן.

די גרינדערין פון „בית יעקב״, געדענק איך, האָט געהאַט גרויס דערפאָלג.

געהייסן האָט זי שענירער און געווען די אָרגאַניזאַטאָרין פון בית־יעקב שולן אין פאַרשידענע לענדער.

די גרעסטע גדולי ישראל האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז נויטיק אַ רעליגיעזע שול צו דערציען די יידישע מיידלעך אין גייסט פון תורה. די פרוי שרה שענירער האָט זייער מצליח געווען מיט דעם געדאַנק, אַז אויך מיידלעך דאַרפן ווערן דערצויגן אין גייסט פון תורה און זיין ווידערשטאַנדספעיק קעגן פרייען גייסט.

איך געדענק, אַז די פרוי שענירער איז געקומען קיין ביאלא און זי האָט גערעדט פאַר פרויען אין שטאָטישן פייערלעשער־זאַל. ר׳ שמואל אלבערט איז געווען זייער אַ גלענצנדער רעדנער. ער האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו שעמען מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט. ער האָט זי באַגריסט אין נאָמען פון „אגודת ישראל״, און ער האָט זי פאָרגעשטעלט, זאָגנדיק, אַז די פרוי שרה שענירער איז אַ ווונדערבאַרע געשטאַלט אין אונדזער תקופה. מען קאָן זאָגן, אַז זי איז די צווייטע מוטער שרה פון אונדזער דור.



יידישע שול־קינדער אין ביאַלע מיט זייערע יידישע לערער

מען האָט באַמערקט, אַז זי איז נישט געווען צופרידן מיט דעם אויסדרוק און זי האָט שנעל זיך אָפּגערוקט פון דער בימה, נישט זייענדיק מסכים מיט דעם.

די פרוי שענירער האָט זיך נישט באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט איכות

**הדיבור, אָבער וואָס זי האָט גערעדט איז געווען מלא טעם, און עס האָט געמאַכט אויף יעדן איינעם זייער אַ גוטן רושם.**

**די „בית יעקב״־שול אין ביאלא האָט אין די ערשטע צייטן זיך זייער שיין אַנטוויקלט. די שול האָט געהאַט תלמידות פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אָבער מאַטעריעל האָט זיך די שול געראַנגלט, באַצאָלן משכורות אַ לערערין איז געווען זייער שווער. פון דעם וואָס די תלמידות האָבן געצאָלט, פון דעם האָט מען געמוזט דעקן די הוצאות און דאָס איז געווען זייער שווער. דער גאַנצער עול איז געלעגן אויפן קאָפּ פון איינצלנע עסקנים.**

**איך געדענק ווי ר׳ אברהם פריידנרייך פלעגט אַליין טראָגן פון זיך אין שטוב קוילן איינצוהייצן אין דער „בית יעקב״־שול, אַז עס זאָל נישט זיין קאַלט פאַר די**



שול קינדער פון ביאַלע. עס שטייען פון אויבן: מענדל פראַנק, שטובערט, חנטשע אַרטמאַן, שרה וועבער, חיה ראָזענבערג, גוטמאַן מאַגעלניצקי. מיטלסטע ריי: שלום קופּערשמידט, די לערערין, דער לערער סעלצער, נחמן לעסקי, פון „בית־יעקב״, שמואל לעזעראָוויטש, הינטן: פּישקע ניימאַן, משה טעוועלעוויטש, י. קופּערשמידט

**קינדער. צו זיין אַ לערערין אין „בית יעקב״ האָבן די תלמידות באַדאַרפט לערנען אין קראָקעווער סעמינאַר פון „בית יעקב״ און דאָס האָבן זיך פיל מיידלעך**

געוווּנטשן. אָבער עס איז אוממעגלעך געווען, ווייל עס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, וואָס קיינער איז נישט אימשטאַנד געווען צו לייגן.

די „בית יעקב״־שול האָט מצליח געווען, ווייל זי האָט דערצויגן די מיידלעך



דער לערער פון דער פאָלקס־שול, משה וויינער מיט זיינע קינדער

אין גייסט פון תורה און אַריינגעבראַכט פיל וויסן פון דעם תורה־קוואַל דער יידישער טאָכטער. איך געדענק, אַז עטלעכע תלמידות, ווען זיי זענען שוין אַ ביסל גרעסער געוואָרן האָבן זיי פאַרלאָזט די שול מאַכנדיק אַזאַ חשבון, אַז זיי שטאַמען פון אָרעמע היימען דעריבער דאַרפן זיי זיך טרעפן צוזאַמען מיט בחורים און אַזוי אַרום קאָן אַ מיידל באַגעגענען איר באַשערטן.

אָבער נאָר אייניקע האָבן געמאַכט אַזאַ חשבון. בדרך כלל האָט די „בית יעקב״־שול געגעבן אַ שיינעם חינוך די תלמידות און אַלע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און זיי האָבן געהאַט אַ ביבליאָטעק, ווו זיי פלעגן לייענען ביכער און צייטונגען און וועגן דעם דיסקוטירן.

געווען תלמידות וואָס האָבן געהאַט אַ שיינעם רעדנער־טאַלאַנט, אָבער לײדער

**קאָן מען נאָר טראַכטן פון דעם אַלעם, ווייל עס איז גאָר קיין זכר נישט פאַרבליבן, ווי נאָך אַ גרויסער שריפה.**



יידישע קינדער אין דער „פּאָושעכנע שול", אין צענטער — די לערער: סעלצער און משה ווײַנער

יוסף־מאיר וועבער ז״ל — ניו־יאָרק

# מיין געבורט־שטעטל ביאלא־ראווסקא

מיין געבורט־שטעטל, וועלכעס איך וועל דאָ באַשרייבן, הייסט ביאַלאַ־ראַווסקאַ. עס ליגט אַן ערך 10 מייל אין דרום פון וואַרשע, אויף דער לינקער זייט פון ווייסל. אין מיין צייט (1905—1890) איז די מערהייט פון דער באַפעלקערונג געווען אַ יידישע און באַשטאַנען פון אַרום 300 משפחות.

די געשיכטע פון יידישן ישוב אין שטעטל איז מיר נישט באַקאַנט. עס איז אין שטעטל בכלל נישט געווען קיינער, וואָס זאָל האָבן עפּעס געוווּסט וועגן דעם. די אויפשריפטן אויף די מצבות אויפן „אלטן גוטן אָרט״ ווי אויך די שול, וועמענס אויפבוי קיינער האָט נישט געדענקט, האָבן עדות געזאָגט, אַז די ביאַלער קהילה האָט שוין עקזיסטירט אין אָנפאַנג פון 18טן יאָרהונדערט. איך זאָג קהילה, ווייל איינצלנע יידן האָבן מעגלעך דאָרט געלעבט אויך אין 17טן יאָרהונדערט און אפשר נאָך פריער.

אין ביאַלע, אַנדערש ווי אין שלום עליכמס קאַלאַמעאַ, זענען געווען וויניקער אָרעמע ווי רייכע, דאָס הייסט, אָרעם זענען אַלע געווען, אפילו די „רייכע״. אָבער לויט דעם דעמאָלטדיקן באַגריף זענען אין שטעטל כמעט נישט געווען קיין אָרעמע, צוליב דעם עקזיסטירנדיקן נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרט איז אַן הכנסה פון 3 רובל אַ וואָך געווען גענוג פאַר די לעבנסבאַדערפעענישן, פון אַ פאַרפאַלק מיט צוויי, דריי קינדער. אפילו דער רב אין שטעטל האָט געקראָגן אַ פענסיע פון נישט מער ווי 15 רובל יערלעך. אַזוי ווי די פאַרדינסטן פון די מייניסטע אין שטעטל האָבן געקלעקט אויף פרנסה און אַנדערע הצטרכותן, האָט אַן אָרעמאַן געהייסן בלויז אַזאַ פערזאָן, וועמענס עקזיסטענץ איז געווען אָפּהענגיק פון „גיין איבער די הייזער״ נאָך אַ נדבה. אַזעלכע זענען אין שטעטל געווען בלויז יחידים. אַ רייכער, ווידער, האָט געהייסן איינער, וואָס האָט פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט רובל, וועמענס הונדערטער זענען, ווי דער שטייגער איז, געשעצט געוואָרן אין

טויזנטער. אַזעלכע „רייכע" זענען אין שטעטל געווען אַן אָנגעזעענע צאָל. זיי זענען אָבער געוואָרן אויס רייכע (נישט חלילה אָרעמעלייט) נאָך דעם ווי זיי האָבן חתונה געמאַכט איינס אָדער עטלעכע קינדער, געגעבן נדן, מתנות, חתונה־אויסשטייער און מעבל און טייל מאָל אויך קעסט דעם נייעם פּאָרפאָלק.

די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַרום 29% קליינהענדלער און קרעמער, 20% שוסטער, 15% שניידער, 10% קצבים, 5% בעלי־העגלהס, 5% כלי־קודש, ווי דער רב, חזן, שוחטים און אַרום 10 מלמדים, צו צוויי זענען געווען היטלמאַכער, בלעכער, סטאָלער, פריזירער און שטריק־מאַכער, און איין וועבער. יידישע פּראָפעסיאָנאלן ווי אַ דאָקטאָר, אַדוואָקאַט און דענטיסט האָט דאָס שטעטל נישט געהאַט.

אַ צאָל יידישע שוסטער און שניידער האָבן אין זייערע איינצימערדיקע וווינונגען געפירט וואַרשטאַטן און אָפט באַשעפטיקט עטלעכע אַרבעטער, מיינסטנס לאָקאַלע יונגוואַרג. זיי האָט מען גערופן „טאַנדייטניקעס", אַנדערע שוסטער און שניידער האָבן אין זייערע וווינונגען געאַרבעט בלויז אויף באַשטעלונג פון קונדן, מיינסטנס שטיוול און מלבושים אויף יום טובים, אויך אויף חתונה־אויסשטייער. די „טאַנדייטניקעס" פלעגן פאַרקויפן זייערע סחורות אויף ירידים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און טיילמאָל צו לאָקאַלע קונים.

דער הויפּט־מקור פון פרנסה איז געווען די פּויערישע באַפעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער. די פּויערים פלעגן ברענגען אין שטעטל אַריין תבואה, פּרוכט, גרינצייג, אייער און מילכיקס. די דאָזיקע פּראָדוקטן פלעגן זיי פאַרקויפן צו אַ קליינהענדלער אָדער קרעמער און פאַרן געלט איינקויפן זייערע לעבנס־נויטווענדיקייטן.

די פּריצים אַרום שטעטל פלעגן באָרגן געלט אויף פּראָצענט ביי די „רייכע" און איינקויפן אויף קרעדיט ביי די קרעמער, און אָפט פאַרקויפן צו די לעצטע גרעסערע מאָסן תבואה אָדער דאָס וואָל פון זייערע שעפּסן. דער פּריץ, ווי אויך די פּויערים, פלעגן פאַרקויפן בהמות די קצבים און פערד די בעלי־העגלות. עמך פלעגט אָפּדינגען ביים פּריץ אָדער פּויער אַ פּרוכט־גאָרטן און נאָכן אָפּוואָלגערן זיך מיטן ווייב און קינדער אין דער „בודע" פון סאָד פינף חדשים, פלעגט אַזאַ „סאַדאָווניק" צוריק קומען אין שטעטל אַריין מיט עטלעכע צענדליק רובל פּרנסה און נישט זעלטן מיט עטלעכע הונדערט.

שניידער, שוסטער און גלעזער פלעגן גיין איבער די דערפער און דאָרט פאַריכטן אַ מלבוש, אַ פּאָר שטיוול, אָדער שויבן אין די פענצטער. מאַנכע קליינ־

**הענדלער און קרעמער האָבן נישט געוואַרט ביז דער פויער האָט געבראַכט זיינע פּראָדוקטן אין שטעטל אַריין. זיי זענען געגאַנגען איבער די דערפער און דאָרט איינגעקויפט ביים פויער פּראָדוקטן. אַזוי פלעגן אויך טאָן דער קצב און דער בעל־העגלה.**

**לעבנסמיטל איז געווען ביליק. אויפן טעגלעכן שפּייז־צעטל האָבן דעם אויבנאָן**



יוסף־מאיר וועבער (אַלס יונגער ישיבה־בחור) און זיין פרוי פאַר זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע, אין 1905 יאָר

**פאַרנומען — קאַרטאָפל, ברויט, אַנדערע תבואה־שפּייזן און מילכיקס. די פּרייזן פון די דאָזיקע פּראָדוקטן זיינען געווען נידעריקע. דירה־געלט פאַר אַ צימער איז געווען אַרום 20 רובל יערלעך. אַ פורל האָלץ צום הייצן האָט געקאָסט וואַסערע דריי רובל. אַ „פורמאַנקע" פאַר אַ רייזע צו אַ דערבייאיקער שטאָט איז געווען**

אַרום 20—30 קאָפּיקעס, אויף דער באַן איז מען אָפט געפאָרן „נאַ בלאַט". שכר־לימוד פאַר אַ חדר־יינגל איז געווען פון אַרום 10 רובל אַ יאָר אין נידעריקן חדר ביז אַרום 25 רובל אַ יאָר אין העכסטן חדר. אַזוי אַרום האָט כמעט יעדנס הכנסה געקלעקט אויף פּרנסה און אַנדערע הצטרכותן און מאַנכע האָבן נאָך געזאַמלט געלט.

אַלע תושבים אין שטעטל זענען געווען רעליגיעז געשטימט. געדאַוונט דריי מאָל טעגלעך, אָפּגעהיט שבת, געפייערט אַלע ימים טובים, געפאַסט יעדן תענית, געבענטשט ראש חודש און מחדש געווען די נייע לבנה, נישט טועם געווען קיין שפּייז פאַרן דאַווענען שחרית, געוואַשן די הענט און געזאָגט „שאו ידיכם" פאַרן עסן און געבענטשט נאָכן עסן, געלייענט קריאת שמע פאַרן גיין שלאָפן און געזאָגט „מודה אני" נאָכן אויפשטיין אין דער פרי. קינדער וואָס האָבן שוין געקאָנט רעדן האָבן יעדן פרימאָרגן, פאַרן עסן, געמוזט נאָכזאָגן „מודה אני" אָדער „ברכה". סליחות־צייט פלעגן „קינד און קייט" אויפשטיין פאַרטאָג און גיין צו סליחות. ימים נוראים־צייט האָט אַלץ אין שטעטל באַשטעטיקט, אַז „אפילו די פיש אין וואַסער ציטערן". ראש השנה איז דאָס גאַנצע שטעטל, מיט די ווייבער און קינדער, געגאַנגען צום טייך אַריינוואַרפן די עבירות. ערב יום כיפור האָט יעדער געשלאָגן כפרות, אפילו אַ נאַר וואָס געבוירן קינד האָט געמוזט האָבן אַ כפרה.

יעדעס קינד האָט געקראָגן אַ רעליגיעזע דערציונג און די יינגלעך זענען מיט־געגאַנגען מיטן טאַטן צום דאַווענען. קיין מתנגדים אָדער אַפּיקורסים זענען אין שטעטל נישט געווען און יעדער איינער פון ישוב פלעגט פאָרן צו זיין צדיק, אַזוי אָפט, ווי מעגלעך.

די הערשנדע ראָל, וואָס די רעליגיע האָט געשפּילט אין שטעטל האָט געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף דער קולטורעלער זייט פון לעבן. כמעט אַלץ אין לעבן האָט געהאַט אַ רעליגיעזן קאָליר. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן מיט דער הילף פון אַ פּראָסטער אומוויסנדער פרוי, וועלכע האָט געקראָגן די דערפאַרונג אין אַקושעריע, דורך די פיל געבורטן, וואָס זי אַליין האָט געהאַט. דער רעליגיעזער געפיל האָט נישט דערלויבט, אַז אַ מאַנספּאַרשוין, אַ דאָקטאָר, איבערהויפּט אַ דאָקטאָר, אַ גוי, זאָל טון די אַקושער־אַרבעט. אויב דער געבורט איז געגאַנגען שווערלעך האָט די משפחה געקראָגן אַ מנין יידן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט זאָגן תהילים פאַר דער קימפּעטאָרין, אויב אַ געווינערין איז געקומען צו אַ מסוכנדיקן צושטאַנד איז אַ שטריקל אָדער פאָדעם געצויגן געוואָרן פון איר בעט צום אָרון הקודש אין שול אָדער בית המדרש. ווען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן איז אַרום בעט אָנגעהאָנגען געוואָרן „שיר המעלותן", כדי די שדים און רוחות רעות זאָלן נישט האָבן קיין

שליטה איבער דער קימפעטאָרין און דעם קינד און יעדן פאַרנאַכט איז געקומען אַ דרדקי־מלמד מיט אַ גרופּע קינדער לייענען קריאת שמע. ווען דאָס יינגל איז אַלט געוואָרן דריי יאָר איז עס געגאַנגען אָדער געוואָרן געטראָגן אין חדר אַריין, טראָגנדיק אַ היטעלע אויפן קאָפּ און אַ טלית־קטן אויפן קערפּערל. אין חדר האָט מען דעם יינגל געלערנט אלף־בית, דער גימל איז געוואָרן אַ בייטעלע געלט, וואָס דאָס האָט מען אונטערגעוואָרפן פון הימל, מען האָט אים אין חדר אויך געלערנט זאָגן ברכות, מורא האָבן פאַר גאָט און ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פון שדים ורוחות רעות.

שפּעטער, ווען דאָס יינגל איז אַ ביסל אונטערגעוואָקסן, האָט מען אים אין חדר געלערנט עברי און דאַווענען, אַז דאָס יינגל איז אָנגעקומען אין חומש־חדר, האָט אים דער מלמד אַלץ דערקלערט אויף אַ רעליגיעזן נוסח: נח און די אבות זענען געמאָלן געוואָרן אַלס צדיקים און געטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן מקיים געווען אַלע מצוות, געדאַוונט אין טלית און תפילין און כסדר געזאָגט תהילים און געלערנט גמרא. משה איז פאַרגעשטעלט געוואָרן בלויז אַלס רעלי־גיעזער פירער, אַלס פאַרמיטלער צווישן גאָט און די יידן. אַ סאָרט חסידישער רבי אויף גאָר אַ גרויסן מאַסשטאַב. דאָס יינגל און שפּעטער דער מאַן האָט משהן אָנגערופן משה רבנו.

די נביאים זענען געוואָרן געשילדערט אַלס געטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן פאָראויס געזען די צוקונפט־פּאַסירונגען און וועמענס איינציקע אויפגאַבע איז געווען צו שטראָפן די יידן פאַר עובר זיין אויף גאָטס־געבאָט.

לויט דעם מלמדס נוסך איז דער חורבן בית המקדש געווען דאָס גרעסטע יידישע אומגליק בלויז, ווייל עס איז מער נישט געווען קיין פּלאַץ, ווו מקריב צו זיין קרבנות צו גאָט, אָפּריכטן די עבודה און דורכפירן אַנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָס וואָרט גלות האָט באַדייט גלות השכינה, גאָטס־אומגליק, גלות עם ישראל האָט געשפּילט אַן אומבאַדייטנדע ראָל. חנוכה איז געפייערט געוואָרן צוליב דעם, וואָס גאָט האָט באַוויזן אַ נס — אַ קריגל בוימאייל גענוג אויף איין טאָג פאַרן נר תמיד, האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג. עפּעס איז אין דער חנוכה־געשיכטע יאָ דערמאָנט געוואָרן דאָס וואָרט מכבי. אָבער דאָס האָט בלויז גורם געווען מען זאָל אין חנוכה־טעג זאָגן אַ ספּעציעלן קאַפּיטל ביים דאַווענען. פּורים ווערט געפייערט, ווייל מרדכי הצדיק האָט געהאַט אַ נצחון איבער המן הרשע. פּסח האָט געהאַט מער אַ שייכות מיט חמץ און מצה, סדר, ארבע כוסות און אליהו הנביא ווי מיט יציאת מצרים. שבועות איז אַ יום טוב לכבוד קבלת התורה. תשעה

באב איז דער טאָג פון חורבן בית המקדש. קיין געוויכט איז נישט געלייגט געוואָרן אויפן פאַקט, אַז צוזאַמען מיטן חורבן בית המקדש איז אונטערגעגאַנגען די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק. ראש השנה און יום כיפור זענען ימים נוראים, ווייל מען משפט אין הימל יעדן מענטשן און גאָט פסקנט מי לחיים ומי למוות.

אַ חוץ דעם וואָס דער חומש איז געלערנט געוואָרן אַלס רעליגיעזער קעגנשטאַנד איז דער לימוד געגאַנגען אויף אַ סיסטעם לויט וועלכן כצפיחות בדבש איז געטייטשט געוואָרן — ציפּיחות איז האָניק, אשה כי תזרע וילדה זכר — איין אשה וואָס וועט מזריע זיין און געבוירן אַ זכר א.אַ.וו. א.אַ.וו.

העכער ווי אין חומש־חדר איז עמד׳ס אַ יינגל על פי רוב נישט געגאַנגען. ס׳האָט געהייסן אַז „דער יונג וויל נישט לערנען״, האָט אים דער פאָטער צוגענומען צו דער מלאכה אָדער אים אַוועקגעגעבן „אויף דער לערע״ צו אַן אַנדערן לאָקאַלן בעל־מלאכה, אַזוי אַרום איז פון עמד׳ס יינגל אויסגעוואַקסן אַ ייד, וואָס האָט קוים געקאָנט דאַווענען. די יחסנישע קינדער, וועלכע האָבן געמוזט פאַרזעצן דאָס לערנען, ווייל מ׳קען דאָך די קינדער, חלילה, נישט מאַכן פאַר קיין שוסטער אָדער שניידער, זענען געשיקט געוואָרן אין גמרא־חדר אַריין. דאָרט איז מיינסטנס געלערנט געוואָרן תלמוד, מפרשים, פוסקים און רעליגיעזע ספרים. נישט נאָר האָט מען דאָרט נישט געלערנט וועלט־געשיכטע, געאָגראַפיע א. א. וו. נאָר אפילו יידישע געשיכטע איז דאָרט נישט באַרירט געוואָרן. לערנען מיט די קינדער העברעיש, דיקדוק א. אַ. וו. איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אומזיסטע און אַרויסגעוואָרפענע מי, אגב האָט דער מלמד אַליין געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה אין די דאָזיקע ענינים.

אין שטעטל איז געווען אַ רעגירונגס־עלעמענטאַרע שול, וואָס מען האָט קינדער געלערנט שרייבן און לייענען פּויליש און רוסיש, אַריטמעטיק א. א. וו. דאָס לערנען דאָרט איז געווען פריי, ווייל די מיינסטע איינוווינער האָבן געצאָלט ״שקאָלנע״, שול־שטייער, האָט אָבער קיינער פון די יידישע יינגלעך נישט באַזוכט די דאָזיקע שול, ווייל צוליב דעם צאָרס פּאָטאָגראַפיע אויף די ווענט האָבן די קינדער געמוזט זיצן אין בלויזע קעפּ. עפּעס וואָס אַ יידיש יינגל וואָלט נישט געוואָגט צו טאָן. פון דער צייט, וואָס ער איז אַלס קינד אַרויס פון וויגל ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן האָט אַ ביאָלער ייד נישט אַרונטערגענומען פון זיין קאָפּ דאָס היטל אָדער יאַרמולקע. סיידן ביים פריזיער אָדער ביים באָדן זיך. ווען אפילו מ׳וואָלט אין שול יאָ געקאָנט זיצן מיטן היטל אויפן קאָפּ וואָלט דאָס יידישע יינגל אויך נישט באַזוכט די פאָלקס־שול, ווייל דער

חדר האָט ביי אים צוגענומען דעם גאַנצן טאָג און אָוונט, 12 ביז 14 שעה טעגלעך. צוליב דער זעלבער סיבה איז קיין חדר־יינגל נישט געגאַנגען צו מענדל שרייבער, וועלכער האָט געלערנט שרייבן און לייענען און אַ חוץ דעם זיך פאַרנומען מיט זייגערמאַכעריי. זיינע תלמידים זענען באַשטאַנען פון בלויז מיידלעך.

דער איינציקער אָרט, ווו אַ יינגל האָט געקאָנט לערנען שרייבן און לייענען איז געווען דער חדר. דער מלמד פלעגט אָנשרייבן אַ „גריזעל" אַ מוס־טער פון בוכשטאַבן אָדער זאַצן און דאָס געבן די יינגלעך צו קאָפּירן. ער האָט זיך געלייגט כאָפּן אַ דרעמל „נאָכן אָנבייסן" און די יינגלעך האָבן זיך באַ־שעפטיקט מיטן שרייבן. ווען דער מלמד איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף האָט ער עקזאַמינירט די שריפטן און פאַרהערט די קינדער אין לייענען און באַלד נאָך דעם ווידער גענומען צום לערנען חומש אָדער גמרא. אַזוי ווי די מיינסטע שרייבצייט איז אָפּגעגעבן געוואָרן צו יידיש, חשבון און בריוושטעלער און זייער ווייניק צייט פאַר פויליש און רוסיש, האָבן די מיינסטע יינגלעך זיך אויסגעלערנט אַ ביסל יידיש און חשבון און כמעט גאָרנישט קיין פויליש און רוסיש. אויב אַ ביאַלער ייד האָט יאָ געקאָנט אָנשרייבן אַ יידיש בריוול האָט ער אָפט געדאַרפט גיין צו „אַ קענער", ער זאָל פאַר אים אָנשרייבן דעם אַדרעס אויפן קאָנווערט. אָט דער דערציונגס־סיסטעם האָט געבראַכט דערצו, אַז די „גע־לערנטע" אין שטעטל האָבן באַזעסן אַ גרעסערע אָדער קלענערע קענטשאַפט אין תלמודישע און רעליגיעזע ספרים, געקאָנט אָנשרייבן אַ יידיש בר־וול, געוווסט אַ ביסל חיבור חיסור און כפל, עס איז אָבער נישט געווען „קיין לערנער", וואָס וואָלט געקאָנט ענטפערן אַ פראַגע אין אַ קאָרעקטן וויכטיקן העברעיִשן זאַץ אָדער אָנרופן די נעמען פון 4 — 3 יידישע מלכים אין כראָנאָלאָגישן סדר.

אין אַזאַ קולטורעלן מצב איז אין שטעטל, נאַטירלעך, נישט געווען קיין פאַרלאַנג נאָך ליטעראַטור. אַ טייל פון ישוב, ווי געזאָגט, האָט קוים געקאָנט דאַווענען, די איבעריקע זענען אין די פרייע צייט געווען פאַרנומען מיט לערנען תלמודישע ספרים אָדער זאָגן תהילים, קיינער האָט נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן אַ מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, מ. ספּעקטאָר, שלום עליכם, י. דינעזאָן א. א. וו. די נעמען שמ"ר, טענענבוים א. א. וו. זענען געווען אַ ביסל באַקאַנט בלויז דעם יונגוואַרג, וואָס האָט אַ שטיקל צייט געאַרבעט אין די גרעסערע שטעט — וואַרשע און לאָדזש, וועלכע פלעגן אויך דערציילן וועגן דער

עקזיסטענץ פון טעאַטער און שוישפּילער. די פּלעגן אויך ברענגען אין שטעטל אַריין פאָלקס־לידער, מיט וועלכע מאַמעס פלעגן איינשלעפערן די קינדער, ווי אויך טיילן פון גאָלדפאַדענס פּיעסן, וועלכע פלעגן אויסגענוצט ווערן בעת פּורים־שפּילערייען. קיין צייטונג איז אין ישוב נישט אָנגעקומען. די ספרים אין בית המדרש האָבן געדינט אַלס די איינציקע ביבליאָטעק פון שטעטל. אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט זענען שוין אין שטעטל יאָ געווען עטלעכע בית־המדרש־בחורים, וועלכע האָבן אַבאָנירט יידישע צייטונגען און בסוד סודות געלייענט מאַפּו, סמאָלענסקי און אַנדערע השכלה־ספרים. אָבער ווען דאָס שטעטל האָט זיך דערוווסט פון דעם האָט זיך אָפּגעטאָן חושך. אַזוי האָט אויסגעזען דאָס קולטורעלע לעבן אין שטעטל.

די סאַניטאַרע אומשטענדן אין שטעטל זענען געווען אויסערגעוויינלעך שלעכטע און היגיענישע כללים אומבאַוווסט. קראַנקהייטן אין שטעטל איז געווען זייער פיל, פונדעסטוועגן זענען טויטפאַלן געווען כמעט נאָרמאַל, ווייל די פרישע לופט, וואָס דער ווינט פלעגט ברענגען פון די אַרומיקע פעלדער, גאָרטנס און וועלדער, און די געזונטע פרישע, נאַרהאַפטע שפּייזן האָבן פאַרגרעסערט דעם לעבנסדויער און געהאָלפן בייקומען די קראַנקהייטן.

ריידנדיק וועגן קראַנקהייט־פאַלן איז ווינטשנסווערט צו דערציילן, אַז די ווערטער קראַנקהייט און קראַנק זיין זענען אין שטעטל כמעט נישט באַנוצט געוואָרן. אָנשטאָט דעם זענען גענוצט געוואָרן די טערמינען שלאַפקייט און שלאַף. די דאָזיקע דערמאָנטע שלאַפקייטן זענען מייסטנס געווען אַ פאַר־קילונג, טיפוס, אַ לונגען־אָנצינדונג, שווינדזוכט און סתם שלאַפקייטן, די מיינסטע וועלכע האָבן זיך „אָנגעהויבן" מיט אַן עין־הרע. פון האַרץ־קראַנקהייט, קאַנסער, בלוטפאַרגיפטונג א. א. וו. האָט מען אין שטעטל נישט געוווסט. זייערע ערטער האָבן פאַרנומען כישוף, אַפּאָפּלעקסיע און „פאַרכאַפּט ווערן". ווען עמעצער איז שלאַף געוואָרן האָט ער גענומען היימישע רפואות, וועלכע אַ שכן האָט רעקאָמענדירט, ווי, למשל, שטעלן באַנקעס אָדער פּיאַווקעס. דעם דאָקטאָר האָט מען גערופן בלויז, ווען די לאַגע פון חולה האָט זיך פאַרערגערט; ווען דער שלאַפער איז געוואָרן „חרוב" האָט אַ מנין יידן געזאָגט תהילים פאַר אים, אָנגעשריבן זיין נאָמען אויפן ארון־הקודש און נישט זעלטן צוגעגעבן אים נאָך אַ נאָמען, מיינסטנס חיים אָדער אַלטער, אָדער איינער פון דער משפּחה איז געלאָפן צום רבין; ווען דער חולה האָט שוין געהאַלטן ביי די לעצטע מינוטן האָט מען אין שטעטל געזאָגט, אַז ער איז „פאַרביי". קיין מת איז נישט באַגראָבן געוואָרן

**אין אַ קאַסטן, אין קבר איז געלייגט געוואָרן זייטיקע ברעטלעך און נאָך דעם ווי דער מת איז אַוועקגעלייגט געוואָרן מיט אַ טלית און תכריכים אויפן קערפּער**



חנה ייחד — מענדקע וועבערס פרוי — די מוטער פון יאָסל־מאיר וועבער ז״ל
וועלכער האָט געלעבט אין ניו־יאָרק

**און שערבלעך אויף די אויגן האָט מען אים פאַרדעקט מיט ברעטלעך און פאַרשאָטן מיט אויסגעגראָבענער ערד.**

**די איינציקע חברה אין שטעטל איז געווען די חברה קדישא, וועלכע איז באַשטאַנען פון עמך און וועמענס אויפגאַבעס עס איז געווען צוצוגרייטן צו קבורה און מקבר זיין יעדן מת.**

**אין שטעטל איז נישט געפירט געוואָרן קיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. די דריי קהלשע געביידעס, די שול, דער בית־המדרש און מקווה האָבן געקאָנט האַלטן ביים איינפאַלן וואָלט קיינעם נישט געקומען דער געדאַנק צו רופן אַן אסיפה צו באַטראַכטן דעם ענין אָדער שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם צוועק. די רע־מאָנטן פון די דאָזיקע בנינים האָבן געמוזט וואַרטן ביז עס האָט פּאַסירט אַ טויטפאַל אין אַ פאַרמעגלעכער משפחה און די חברה קדישא האָט זיך אַנטזאָגט צו טאָן דעם „טויטנס־רעכט״ ביז די משפחה וועט געבן אַ געוויסע סומע געלט**

פאַר קהל, אַ טייל פון וועלכן עס איז געגאַנגען פאַר „לחיים׳ס" און דאָס איבעריקע פאַר קהלשע ענינים.

דאָס „גוטע אָרט" האָט געדינט פאַר אַ בית־הקברות פאַר די פאַרשטאָרבענע און אַלס פּאַשע־פעלד פאַר בהמות און פערד. ערשט אין יאָר 1923 ווען אַן „אַמעריקאַנער" האָט באַזוכט זיין פאָטערס קבר און זיך באַקאַנט מיט דעם צושטאַנד אויפן „גוטן אָרט" האָט ער מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן באַוואָרנט, אַז בהמות און פערד זאָלן נישט קאָנען צוקומען צום בית־הקברות.

אין שטעטל זענען נישט געווען קיין ווילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס, קיין פאַראיינען און פּאָליטישע פּאַרטייען. דער ישוב איז געווען איינגעטיילט אויף יחסנים און עמך. די יחסנים ערשט זענען געווען איינגעטיילט אין גרופּן און כל עורב למינהו. יעדע גרופּע האָט זיך גערופן אויפן נאָמען פון שטאָט אין וועלכער עס האָבן געלעבט דער רבי אָדער צדיק ווי גערער, אַלעקסאַנדרער, אַמשעהאָווער א. א. וו. די גרופּעס האָבן זיך געהאַלטן פון דער וויטנס איינע פון דער צווייטער און אַלע גרופּעס האָבן זיך געהאַלטן פון וויטנס פון עמך. אָט די לאַגע האָט געבראַכט דערצו, אַז קיין שמחה־פייערונג אָדער אַ טרויער האָט נישט געטראָגן קיין פאָלקס־כאַראַקטער. פורים און שמחת תורה למשל — איז אין שטעטל געווען זייער פריילעך, די פריילעכקייט איז אָבער נישט געווען איינ־הייטלעך נאָר פאַרשידנאַרטיק כל עורב למנהודיק.

דאָס איינציקע מאָל, אין מיין צייט, ווען אין שטעטל זענען געווען „פּאָלי־טישע" פּאַרטייען איז געווען, ווען דאָס שטעטל האָט געדאַרפט „אויפנעמען" אַ נייעם רב. קאַנדידאַטן זענען געווען צוויי, איינער אַרויסגעשטעלט דורך די גערער חסידים, דער צווייטער דורך די אַלעקסאַנדרער חסידים. דאָס שטעטל איז דעמאָלט געווען צעטיילט אויף צוויי צדדים — דער גערער צד און דער אַלעקסאַנדרער צד. אפילו ווערן דעמאָלט אָנגערופן גערער אָדער אַלעקסאַנדרער איז געווען אַ זכיה. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, ווען די „יחסנים" האָבן זיך געשטיצט און גערעכנט מיט יעדן עמך.

זאָל די דאָזיקע באַשרייבונג דינען אַלס מצבה פאַר מיין פאַרשטאָרבענעם שטעטעלע ביאַלע.

שמואל פיליפס־פילעזאָף ז״ל — ניו־יאָרק

# זכרונות פון אַמאָל

## א. וואַלן פון אַ רב אין שטעטל

איך וויל פרווון שילדערן אַן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט אין אונדזער שטעטל ביאַלע. אַ וועלט וואָס איז שוין מער נישטאָ. דאָס האָט געמוזט פּאַסירן אין יאָר 1903, בעתן וויילן אַ רב.

אין אונדזער שטעטל ביאַלע ווי אין אַלע שטעטלעך אין פּוילן איז דאָס לעבן אַנגעגאַנגען טאָג־איין טאָג־אויס אָן ענדערונגען. קיין וויכטיקע פּאַסירונגען, וואָס זאָלן ספּעציעל אויפרודערן די מענטשן האָבן נישט פּאַסירט. דעריבער איז דאָס וויילן פון אַ נייעם רב געווען די וויכטיקסטע געשעעניש פון יענער צייט.

געווען אין ביאַלע אַ לאַנגע צייט אַ רב. מ׳האָט אים גערופן רב שימעלע. ער איז געווען אַ ווילער ייד און אַן אײדעלער מענטש. געקענט זייער שיין לערנען און דאַווענען נעילה יום־כפור. זיין זאָגן פּתח לנו שער בעת נעילת שער קדוש, ליגט מיר נאָך אין טעם. ער איז געווען אַן אַלעקסאַנדרער חסיד. געהאַט אַ פרוי, צוויי טעכטער און איין יינגל. די רביצין איז געווען „ברײנדעלע קאָזאַק" — דער היפוך פון דעם רב. מען האָט אַפילו גערעדט, אַז די רביצין מיט די טעכטער גייען שפּאַצירן מיט די שקצים פון ביאַלע.

ויהי היום איז רב שימעלע אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט פאַרנעמען דעם כסא הרבנות דאָרטן, האָט מען געדאַרפט אויסוויילן אַ נייעם רב אויף זיין אָרט. ביאַלע איז אין יענער צייט באַשטאַנען פון 400 יידישע פאַמיליעס. די מענטשן זענען געווען איינגעטיילט אין פאַרשידענע ריכטונגען, גערער חסידים, אַלעק־סאַנדרער חסידים, גראָדזשיצקער חסידים, אַמשעהאָווער חסידים, און אַ פּראָסטער עולם פון פאַרשידענע בעלי־מלאכות. די גערער חסידים האָבן געשפּילט די גרעסטע ראָל אין ביאַלע; ערשטנס, דערפאַר וואָס זיי זענען געווען די מערהייט,

און צוויטנס, האָבן זיי געקראָגן אונטערשטיצונג פון מענטשן וואָס זענען קיין חסידים נישט געווען.

דאָס צווייטע אָרט האָבן פאַרנומען די אַלעקסאַנדרער חסידים. כאָטש די זענען קליין געווען אין צאָל האָבן זיי געהאַט די אונטערשטיצונג פון די אַמשעהאָווער חסידים. דעריבער, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען צו רעדן וועגן אויפנעמען אַ נייעם רב אין ביאַלע איז געוואָרן אַ גרויסע מחלוקה צווישן די גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים.

די פּראָצעדור ווי צו דערוויילן אַ רב איז געווען פאָלגנדיק: יעדער ייד וואָס האָט געצאָלט אַ געוויסן יערלעכן שטייער דער קהילה — עס האָט נישט אויסגעמאַכט ווי קליין דער שטייער איז געווען — האָט געהאַט שטימרעכט. דאָכט זיך גאַנץ דעמאָקראַטיש. די גאָר אָרעמע יידן, וואָס האָבן קיין שטייער נישט געקענט צאָלן האָבן קיין שטימרעכט נישט געהאַט. פרויען האָבן אויך קיין שטימרעכט נישט געהאַט. די נעמען פון די קאַנדידאַטן פאַר אַ רב האָט מען געדאַרפט אַריינגעבן צו דער רעגירונג און די רעגירונג האָט באַשטימט אַ טאָג, ווען מען דאַרף שטימען. אַזוי ווי די גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים זענען געווען די צוויי גרעסטע פּאַרטייען אין ביאַלע, זענען געווען צוויי קאַנדידאַטן פאַר אַ רב, אַ גערער חסיד און אַ אַלעקסאַנדרער חסיד. די קאַנדידאַטן פלעגן איינצאָלן אין שטאָט אַ געוויסע סומע געלט פאַר דער חזקה און דאָס געלט פלעגט מען נוצן פאַר שטאָטישע זאַכן ווי רעמאָנטירן די שול אָדער להבדיל דאָס מרחץ. דאָס איז געווען ווען מ'האָט זיך בשלום געאייניקט פאַר איין קאַנדידאַט. ווען מען האָט זיך נישט געקענט אייניקן און די מחלוקה איז געוואָרן גרויס האָט מען דעם דאָס געלט גענוצט פאַר וואַל־אויסגאַבן און קויפן שטימען, אָנצושטעלן שטאַרקע און מיט סטראַשונקעס נויטן צו שטימען פאַר דעם אָדער יענעם קאַנדידאַט.

דער שרייבער פון די שורות געדענקט נאָך, אַז זיין פאָטער איז אַהיים געקומען פון אַ וואַל־מיטינג פון די גערער חסידים מיט אַ געוויסער סומע געלט צו קויפן בראָנפן אָדער נוצן אַנדערע מיטלען צו קריגן שטימען פאַר דעם גערער קאַנדידאַט.

ויהי היום, עס איז געקומען דער טאָג פון די וואַלן. עס איז געווען אַ פרייטיק. אַ ווינטער־טאָג — נאַס און קאַלט. די גאַנצע שטאָט האָט אויפגעגעבן די געשעפטן און מען איז געווען פאַרנומען מיט די וואַלן. די גערער חסידים האָבן געשלעפּט יידן צו שטימען פאַר זייער קאַנדידאַט און די אַלעקסאַנדרער

חסידים האָבן געשלעפּט צו שטימען פאַר זייער קאַנדידאַט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די גערער חסידים האָבן געוווּנען. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געווען ששון ושמחה ביי די גערער און אבל ופוי ראש ביי די אַלעקסאַנדרער. שבת, נאָך די וואַלן, האָבן די גערער חסידים געטאַנצט אין די גאַסן און מען האָט געטרונקען אין די שטיבלעך. עס איז געווען חי געלעבט.

עס איז אָבער געווען אַן אומזיסטע שמחה. די אַלעקסאַנדרער חסידים האָבן געמסרט דעם „נאַטשאַלניק", אַז די וואַלן זענען נישט געווען ערלעך און ער האָט פאַראָרדנט נייע וואַלן. ביי די צווייטע וואַלן איז ווידער אָנגעגאַנגען די זעלבע זאַך און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די אַלעקסאַנדרער חסידים האָבן געוווּנען. האָבן ווידער די גערער חסידים פּראָטעסטירט און דער „נאַטשאַלניק" האָט ווידער פאַראָרדנט נייע וואַלן. דער סוף איז געווען, אַז אַ רייכער גערער חסיד, פון וואַרשע, האָט זיך געקענט מיט דעם גובערנאַטאָר אין פּיעטרקאָוו. ער האָט אויסגענוצט זיין איינפלוס און דער גובערנאַטאָר האָט געמאַכט, אַז דער גערער חסיד־קאַנדידאַט זאָל זיין דער רב אין ביאַלע.

איך געדענק דעם טאָג, ווען דער רב האָט געדאַרפט אָנקומען אין ביאַלע. עס איז געווען אַ גרויסער יום־טוב. מער ווי אַ האַלבע שטאָט איז אים אַנט־קעגן געגאַנגען אויף דעם וועג, ווו ער האָט געדאַרפט אָנקומען און מען האָט אים אַריינגעפירט אין שטאָט מיט מוזיק און געזאַנג.

די מחלוקה אין שטאָט האָט נישט אויפגעהערט. עס האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט. עס איז געווען אַ משפחה־ אָדער בעסער געזאָגט אַ בירגער־קריג, ווייל די גאַנצע שטאָט ביאַלע איז באַשטאַנען, כמעט, פון בלויז קרובים אָדער פון מחותנים. עס זענען געווען פאַלן ווען גאַנצע משפחות זענען זיך געוואָרן דם שונאים.

דעם ערשטן שבת, ווען דער רב איז געקומען דאַוונען אי׳ן בית־המדרש איז אויפן רבס „שטאָט" געווען אָנגעגאָסן הייסע סמאָלע און דער רב האָט זיך נישט געקאָנט אַנידערזעצן. די מחלוקה איז געגאַנגען אַ שטיק צייט. יעדן שבת ביים דאַווענען האָט מען זיך געשלאָגן מכות רצח, מען האָט זיך אָפּגעביסן פינגער, ביז מען האָט געברענגט אַ בית־דין פון דריי רבנים, פון אַנדערע שטעט. די רבנים זענען געזעסן צוויי וואָכן און יעדע נאַכט אויסגעהערט די טענות פון די פאַרשידענע צדדים, ביז מען האָט, ווי עס איז, אַ ביסל איינגעשטילט די מחלוקה.

דער ביאַלער רב האָט געהייסן מנחם־מענדל פּרייז. ער האָט געהאַט אַ פרוי

מיט אַ טאָכטער. חנהלע האָט זי געהייסן. ער האָט געקענט גוט לערנען, געשריבן ספרים אויף קדושין יבמות. זיינע ספרים האָבן געהייסן תפארת מנחם. ער האָט איינגעפירט אַ ישיבה אין ביאַלע. בחורים פון אַנדערע שטעט פלעגן קומען לערנען ביי דעם ביאַלער רב און האָבן געגעסן טעג ביי די בעלי־בתים פון שטעטל.

## ב. אויסגעמיטן אַ פּראָגראָם

אין פּוילן איז געווען אַ גויישער יום־טוב — דער „גרינער דאָנערשטיק", ער איז אויסגעקומען אין זומער. דעם דאָנערשטיק פלעגן זיך אַלע גויים פון די דערפער און פון שטאָט צונויפגעקומען אין קאָשציאָל, און דערנאָך אַרויס־נעמען אַלע איקאָנעס פון דעם קאָשציאָל און אַרומגיין איבער דער שטאָט צו פאַרשידענע פּלעצער, ווו עס זענען שוין געווען אויסגעפּוצטעביידלעך. דער גלח, אָנגעטאָן אין ווייסן, געפירט אונטער אַ חופּה, און אַלע גויים נאָך אים האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די ביידלעך און דאָרט געפּראַוועט אַ רעליגיעזע צערעמאָניע.

דעם טאָג פלעגט זיין אין ביאַלע ביי אַ 6000 גויים. די יידן פלעגן זיך באַהאַלטן אין די הייזער, נישט ווייזן זיך אין גאַס פשוט פאַר מורא. עס האָט געמוזט זיין אין 1906. אין דער צייט, ווען עס איז אָנגעגאַנגען די פּאָגראָם־כוואַליע אין רוסלאַנד. האָט זיך דאָ געפונען אַ גוי אין ביאַלע, מיטן טרפהנעם נאָמען מאַלינאָווסקי, אַ גנב און אַן אויסוואורף. איז ער אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם יום־טוב אַרומגעגאַנגען אין ביאַלע און האָט געזאָגט, אַז דעם „גרינעם דאָנערשטיק" וועט מען מאַכן אַ פּאָגראָם און אויסהרגענען אַלע יידן אין ביאַלע. די יידן אין ביאַלע האָבן זיך דערשראָקן און מען האָט געקלערט עפּעס צו טאָן, כדי צו פאַרמיידן דעם פּאָגראָם. מען האָט גערופן אַ קליינע אסיפה ביי דעם רב און מען האָט באַשלאָסן צו לאָזן וויסן דעם נאַטשאַלניק אין ראַוווע וועגן דעם, ווייל מען האָט געוווסט, אַז דער נאַטשאַלניק איז גרייט צו נעמען אין יד אַריין. יוסף־מאיר וועבער האָט אַוועקגעשיקט אַ „פּראָשעניע" צום נאַטשאַלניק. גע־ווינלעך איז דאָס געווען בסוד — די גויים זאָלן נישט וויסן. דעם דאָנערשטיק אין דער פרי — די גויים האָבן זיך נישט געריכט אויף דעם — איז אָנגעקומען קיין ביאַלע דער נאַטשאַלניק מיט אַ סך „סטראַזשניקעס" און זשאַנדאַרן און זענען אַוועק צום קאָשציאָל און די גאַנצע צייט, וואָס די פּראָצעסיע איז אָנגעגאַנגען זענען

זיי מיטגעגאַנגען, און אַזוי ווי זי האָט זיך געענדיקט האָבן זיי אַלע גויים פון די דערפער אַהיים געטריבן און די שטאָט־גויים געהייסן אַהיים גיין. אַזוי איז פאַרמיטן געוואָרן אַן אומגליקלעכער פּאָגראָם אין ביאַלע. דאָס האָט געקאָסט די שטאָט 25 רובל.

## ג. לייביש שוחט

דאָס האָט געמוזט זיין אין 1905. אין אונדזער שטעטל ביאַלע ווי אַלע שטעטלעך אין פוילן איז דאָס כלי־קודש באַשטאַנען פון אַ רב, שוחטים, אַ חזן און שמשים. אין ביאַלע זענען געווען צוויי שוחטים. נישט דערפאַר, וואָס מען האָט געדאַרפט צוויי, ווייל אין גאַנצן האָט מען געשחטן אַ וואָך דריי בהמות און אַ פּאָר קעלבלעך. נאָר אַזוי ווי עס זענען געווען גערער און אַלעקסאַנדרער חסידים האָט מען געדאַרפט צוויי שוחטים — איינער אַ גערער חסיד און דער צווייטער אַן אַלעקסאַנדרער חסיד און ביידע שוחטים האָבן נישט געהאַט קיין פּרנסה. אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָר יאָר. מיר האָבן אויך געהאַט אַ חזן, עס רעדט זיך אַ חזן, אַ גוטער בעל־תפילה. דער שוחט, דער אַלעקסאַנדרער חסיד, דער עלטערער, האָט געהייסן שלמה־יצחק. ער איז געווען אַ קליין יידל מיט אַ קליין בערדל. אַ פלינקער און האָט געקענט גוט לערנען, האָט ער זיך געהאַלטן, אַז ער איז דער וויכטיקסטער. דער צווייטער שוחט — דער גערער חסיד — האָט געהייסן יוסף. ער האָט נישט געקענט אַזוי גוט לערנען ווי שלמה־יצחק. האָט מען אים געהאַלטן אַ ביסל נידעריקער.

האָט זיך געטראָפן אַזאַ געשיכטע: אין ביאַלע איז געווען אַ ברית מילה. איז דאָרט געווען דער עלטערער שוחט שלמה־יצחק און עס זענען אויך געווען גערער חסידים. אַז עס איז געקומען צום בענטשן האָט מען מכבד געווען שלמה־יצחקן מיטן בענטשן. אַז ער האָט גענומען דעם כוס אין האַנט אַריין האָבן גערער חסידים באַמערקט, אַז זיין האַנט ציטערט. זענען זיי אַוועק צום רב און געמאַכט אַ געוואַלד, אַז יידן עסן טרפהעס. דער רב האָט געשיקט רופן דעם שוחט און עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז זיין האַנט ציטערט טאַקע און דער רב האָט געאַסרט שלמה־יצחקס שחיטה. ער האָט דאַן געמוזט זיין אַ 70 יאָר אַלט. די אַלעקסאַנדרער חסידים האָבן אפילו געטענהט, אַזוי ווי דער רב איז אַ גערער חסיד, איז ער אַ נוגע בדבר, נאָר אַזוי ווי ר׳ שלמה־יצחק איז

געוועזן אַריבער 70 יאָר, האָבן די זיך נישט געקאָנט העלפן. עס וואָלט אַלץ געוועזן גוט, ווען דער שוחט האָט אַ זון, וואָס וואָלט געוועזן ראוי צו פאַרנעמען זיין פלאַץ — וואָלט ער געהאַט אַ חזקה און וואָלט געוואָרן שוחט. ער האָט יאָ געהאַט אַ זון, פנחס, איז ער אָבער נישט געוועזן ראוי צו פאַרנעמען זיין אָרט, ער האָט נישט געקענט גענוג לערנען, כדי צו זיין אַ שוחט און ער איז געוועזן צו יונג. יעדער אין שטאָט האָט אים געקאָנט אַלס אַ לאָבוז און עס האָט קיינער



שמואל מאיר בעקערס הויז

נישט געהאַט די חוצפה פאַרצושלאָגן פנחסן פאַר אַ שוחט, אפילו די אַלעקסאַנדרער חסידים.

אין דער זעלבער צייט איז דער חזן קראַנק געוואָרן. ער איז שוין אויך געוועזן אַ ייד אין די יאָרן. דער חזן האָט געהייסן משה־יצחק. אַ קלוגער ייד, האָט געקענט גוט לערנען, אַ ליטוואַק — דער איינציקער ליטוואַק אין ביאַלע. אַ חוץ אַ חזן איז ער אויך געוועזן אַ מלמד און פון ביידע זאַכן האָט ער נישט געהאַט קיין פרנסה. ביאַלע איז דאַן געבליבן מיט איין שוחט און אָן אַ חזן.

אַז מען האָט זיך דערוווסט, אַז ביאַלע דאַרף האָבן אַ שוחט מיט אַ חזן זענען געקומען שוחטים, חזנים צו קריגן די שטעלע. עס איז געוועזן זייער שווער צו קריגן קאַנדידאַטן פאַר דער שטעלע, ווייל אַ קאַנדידאַט האָט זיך גערדאַרפט טיילן די שחיטה־געלט מיטן אַלטן שוחט פאַר זיין חזקה און געבן אַ פאַר הונדערט דאָלאַר דער שטאָט. אַ חזן האָט אויך גערדאַרפט טון דאָס זעלבע. האָט אַ שוחט,

וואָס האָט שוין געהאַט אַ שטעלע נישט געוואָלט אָננעמען, ווייל עס האָט זיך אים נישט געלוינט. אַזוי איז ביאַלע אָנגעגאַנגען מיט איין שוחט און אָן אַ חזן כמעט אַ גאַנץ יאָר. די גרעסטע צרה איז געווען אין די ימים־נוראים. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל דאַווענען מוספים אין דער שול. מען האָט געמוזט נעמען די בעלי־תפילות פון די חסידים־שטיבלעך.

איין מאָל איז געקומען אַ יונגערמאַן, זיין נאָמען איז געווען לייבל. פון אָזערקאָוו לעבן לאָדזש. ער האָט נאָר וואָס געהאַט געענדיקט שוחט און דאָס האָט געזאָלט זיין זיין ערשטע שטעלע. ער איז אויך געווען אַ גוטער חזן. ער האָט געדאַוונט איין שבת און ביאַלע איז געגאַנגען אויף רעדער. עס האָט זיך קיינעם נישט געגלויבט, אַז ער זאָל וועלן זיין אין אַזאַ קליין שטעטל ווי ביאַלע און נאָך דאַרפן געבן געלט און אויך טיילן דאָס שחיטה־געלט מיטן אַלטן שוחט.

עס איז געווען נאָענט צו די ימים־נוראים: האָט מען באַשלאָסן, אַז דער יונגערמאַן זאָל בלייבן איבער די ימים־טובים און דערווייל וועט מען באַשליסן וואָס זאָל ווייטער זיין. דער יונגערמאַן איז אַהיים געפאָרן קיין אָזערקאָוו און ער איז געקומען צוריק. דריי משוררים און אַ פּאָר בחורים פון ביאַלע און — ס'איז געוואָרן אַ כאָר פון זיבן מענטשן. ער האָט זיך גענומען איינצושטודירן דעם כאָר, יעדע נאַכט איז כמעט גאַנץ ביאַלע געשטאַנען אונטער דעם פענצטער, אפילו גויים, כדי צו הערן דאָס שיינע געזאַנג.

דער יונגערמאַן האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט זיין דאַווענען די ימים־נוראים. איך בין זיכער, אַז ווען ער וואָלט דאַן געווען אין אַמעריקע, וואָלט ער געווען איינער פון די גרעסטע חזנים. נאָך די יום־טובים האָט מען גערופן אַן אסיפה און מען האָט באַשלאָסן צו געבן די שטעלע דעם יונגנמאַן פאַר חזן און שוחט מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל זיך טיילן מיט דעם שחיטה־געלט און איינצאָלן פינף הונדערט רובל און אויך געבן אַ טייל פון זיין חזנות־איינקונפט דעם קראַנקן חזן.

דער נייער חזן־שוחט האָט זיך אַריינגעצויגן קיין ביאַלע, איך גלויב נישט, אַז ער איז געווען אַ גערער חסיד. איך גלויב, אַז ער איז אינגאַנצן קיין חסיד נישט געווען. ער האָט זיך נאָר געחברט מיט גערער חסידים. דער נייער חזן־שוחט האָט דאַן געמוזט זיין אַן ערך 28 יאָר אַלט. ער איז געווען אַ בלאָנדער מיט אַ שיין בערדל און האָט געהאַט זייער אַ שיינע פרוי. קיין קינדער האָבן זיי דאַן נישט געהאַט. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס פּאָרפאָלק איז געווען דאָס שענסטע

און ריינסטע אין שטאָט — סיי אויסערלעך און סיי אינערלעך. אין הויז בײַ זײַ האָט יעדע זאַך געגלאַנצט. זײַער קליידונג איז געווען ריין און שיין.

דאָס ערשטע יאָר זענען אַלע געווען צופרידן פון אים. דאָס צווייטע יאָר האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען. מען האָט אָנגעפאַנגען צו געפינען חסרונות.



פון לינקס: משה מאיר פייגענבוימס און שלמה אַמבוסעס הויז

דהיינו: ער האָט צו שפּעט חתונה געהאַט; ער קאָן נישט גענוג לערנען; די שחיטה איז נישט ווי עס דאַרף צו זײַן; די קצבים האָבן מורא געהאַט אים צו לאָזן שחטן טאָמער וועט ער מאַכן טריפה; די חסידים האָבן געהאַט טענות, אַז בײַ דעם דאַווענען זאָגט ער אַ פּאָר מאָל אַ וואָרט; איין משורר איז געווען אַ געשעפטער; די בעלי־מלאכות האָבן געהאַט טענות, אַז זײַן דאַווענען דויערט צו לאַנג און זיי זענען הונגעריק.

מיט איין וואָרט — עס האָט זיך געשאַפן אַן אומצופרידנהייט פון אַלע זײַטן. דער יונגערמאַן האָט געזען, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול און ער איז געווען צו פיין און איידל אַרומצוקריגן זיך מיט אַלע קעגנער. האָט ער נישט געוואָרט ביז מען וועט קריגן אַ נייעם שוחט און אים צוריקגעבן דאָס געלט, נאָר האָט געקראָגן אַ שטעלע אין אַ גרויסער שטאָט, וווּ מען האָט אָנערקענט זײַן טאַלאַנט, מיט אַ געהאַלט פון 10 מאָל אַזויפיל, ווי ער האָט געהאַט אין ביאַלע. און אין אַ שיינעם טאָג איז ער אַוועק פון ביאַלע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס דער יונגערמאַן האָט געוואָלט איז געווען צו קענען וויזן, אַז ער האָט שוין געהאַט אַ שטעלע אַלס חזן־שוחט. דעריבער

**איז עס ביי אים ווערט געווען די פינף הונדערט רובל, וואָס עס האָט אים געקאָסט.**

**ביז היינט צו טאָג קאָן איך נישט פאַרגעסן די עוולה, וואָס די ביאַלער יידן זענען באַגאַנגען לגבי לייביש שוחט.**

# ביאַלאַ, מיין שטעטעלע



משה (מאָשקע) קופערשמידט מיט זיין ווייב ברײנדל, מיט זיינע צוויי זין: אברהם (פון רעכטס) און גדליהו

דאָס גאַנצע שטעטל שטייט מיר פאַר מיינע אויגן ווי כ׳וואָלט איצט עס פאַרלאָזן. שוין 38 יאָר אַוועק און דאָך אַזוי פריש אין זכרון.

די שענסטע זאָרגלאָזע יאָרן, די יוגנט, האָב איך דאָרט פאַרבראַכט, דאָ האָב איך זיך דערצויגן און אָנגעהויבן מיין געזעלשאַפטלעך־ציוניסטישע אַרבעט און איינגעבאַקן אין זיך די ליבע צו ישראל. דאָס אַלץ איז נישט פאַרגעסבאַר.

נישט צו דער פאַרשאָלטענער ערד בענקט זיך מיר, ווו פון יעדן ווינקל האָט מען געפילט דעם ריח פון אַנטיסעמיטיזם צום שטעטל מיט יידן, ווו דער גרעסטער טייל האָט נישט געוווסט ווו מען נעמט אויף מאָרגן. אַזוי האָט מען דאָרט געלעבט און דערצויגן דורות הונדערטער יאָרן.

די הייזער, די בריקן, אין אַלע עקן פון דער שטאָט, זענען געווען געבויט פון האָלץ. געציילטע געמויערטע הייזער האָט ביאַלאַ פאַרמאָגט. אין מיטן מאַרק זענען געווען פלומפּן, וואָס פלעגן, יעדן דינסטיק און דאָנערשטיק, קאַליע ווערן. ווינטער איז שוין בכלל נישט געווען וואָס צו רעדן. אויב דער קאָוואַל איז געווען קראַנק איז נישט געווען ווער ס׳זאָל דאָס פאַרריכטן. די פלומפּן פלעגן באַזאָרגן די באַפעלקערונג מיט וואַסער. מער בעל הבתישע מענטשן האָבן באַצאָלט אַ פּאָר גראָשן, האָט מען זיי דאָס וואַסער געבראַכט אין שטוב — דער באַ־רימטער וואַסער־טרעגער איז געווען — דער שטומער מאָטע און שפּעטער חישי.

קיין עלעקטריע אין שטעטל איז נישט געווען. אויב האָט דער מאַגיסטראַט



אַ יידישע גאַס, אויסגערויבט און פאַרכאַפּט פון די פּאָלאַקן. דאָס ערשטע הויז רעכטס: דער פייערלעשער־זאַל, די יאַטקע, מלך׳ס הויז, די בעקעריי פון „מיכליאַקן" (גאָלדבערג), מענדל ראָזנפערלס הויז, טוביה־בינמס הויז, זעליק־בינמס הויז, און בערל־בינמס הויז

געבראַכט אַ לאָמפּ פון קאַרביד האָבן עס די חברה לצים גלייך צעבראָכן, ווייל דאָס האָט געשטערט דער יוגנט צו ראָמאַנסירן.

געהייצט די שטיבער האָט מען מיט טאָרף, די פּאַרמעגלעכע מיט קוילן. שוין זונטיק האָט זיך אָנגעהויבן די זאָרג, ווו מען נעמט אויף שבת. דער איינציקער גוטער טאָג איז געווען דער מאַרק־טאָג, יעדן דאָנערשטיק. ס'זענען געקומען קריסטן פון די דערפער, יידן פון די אַרומיקע שטעט — היטלמאַכער, טאַנדייטער, שוסטער, דעם טאָג האָט זיך געמערקט אין שטעטל אַ באַוועגונג, געקויפט־פאַרקויפט, שאַכער־מאַכער. באַלד אין דער פרי האָבן אָנגעהויבן קומען פון אַלע זייטן גרויסע וועגענער מיט סוחרים, פויערים פון אַרום דער שטאָט. מ'האָט געזען שיכורים, גנבים, אַלץ איז דאָ געווען. פאַרנאַכט איז זיך אַלץ פונאַנדערגעפאָרן און ס'איז ווידער געוואָרן שטיל.

מיט קאָמוניקאַציע האָבן מיר אויך נישט געהאַט זיך וואָס פאָרצושטעלן. אַממייסטן זענען מיר געפאָרן מיט פערד און וואָגן. אין די 20־קער יאָרן איז שוין געווען אַן אויטאָמאָביל. דער באַרימטער אַנטיסעמיט דמאָווסקי איז געווען דער אייגנטימער און געפאָרן יעדן טאָג קיין וואַרשע. אויך איז געווען אַ קליין „קאַלייקעלע" קיין ראַווע ראַגעוו. פון ראַגעוו איז שוין געגאַנגען אַ גרויסע באַן, ווו אַהין מ'האָט געוואָלט.

דער סטראַטעגישער פונקט פון שטעטל איז געווען דאָס ראַטהויז אין מיטן גאַס. דאָרט האָט זיך פאַרזאַמלט די יוגנט.

ביי מיין פעטער פּנחס אין קיאָסק זענען געפירט געוואָרן לעבהאַפטע דיסקוסיעס וועגן אַלע וויכטיקסטע פּראָבלעמען.

די יוגנט אין גרעסטן טייל איז געווען אַרבעטסלאָז. געאַרבעט אין לאָדזש, וואַרשע, שניידערס אין בזשעזין. אויף יום־טוב פלעגן זיי אַהיימקומען פון די גרויסע שטעט נאָך אַ יאָר אַרבעט שיין אויסגעקליידעט. אויף אַזאַ איינעם האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַ לייט. חול המועד האָט מען שפּאַצירט מיט שטעקעלעך אין די הענט צו דער „קאַלייקע", דאָרט איז געווען דער צענטראַלער שפּאַציר.

איינע פון די פּרנסות ביי די יידן אין שטעטל איז געווען דינגען אַ סעדל, אַ גאַנצן ווינטער האָט מען געדאַרפט בעטן, אַז די פּירות זאָלן נישט געפרוירן ווערן. נישט איינמאָל פלעגט פּאַסירן, אַז זיי האָבן דערלייגט צום גאַנצן געשעפט. אַ גאַנצן זומער זענען זיי געזעסן אין אַ בודע און נישט געגעסן און נישט געטרונקען. ערשט אויף יום־טוב ראש־השנה פלעגן זיי אַהיים קומען, ווער מיט היזק און ווער מיט אַ ביסל ריווח און אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ווינטער.

פרייטיק פאַרנאַכט ווי נאָר דוד שמש, שפּעטער יאָסל מאיר פּיטעל, פלעגט קלאַפּן אין שול מיט אַ האַמער, האָבן אַלע סוחרים גלייך געשלאָסן די געשעפטן, די גאַסן זענען געוואָרן ליידיק, מ׳האָט נאָר געזען גיין נאַסע יידן פון מקוה נאָך דער תפילה לכבוד שבת. נאָך ליכט־צינדן האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי אַ שבת מלכה. די פענצטער זענען געווען באַלויכטן מיט שבת־ליכט, די חלות אויפן טיש איבערגעדעקט מיט אַ שיין טישטעכל, וויין צום קידוש. מען האָט געזען די שבת־יידעלעך גיין צום דאַווענען אויסגעפּוצט מיט בגדי שבת ווי י. ל. פרץ האָט באַזונגען די שבת־יום־טובדיקע יידעלעך, וואָס האָבן קיין הבדלה נישט געוואָלט מאַכן, זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר דער וואָכעדיקייט, נאָר שבת זאָל זיין. די קינדערלעך זענען אויסגעפּוצט געגאַנגען מיט זייערע פאָטערס



דאָס הויז פון יאָסל מאָגעלניצקי (יאָסל אייזיקס)

צום דאַווענען — ווער אין שול און ווער אין אַ חסידיש שטיבל. אַרום שול איז געווען פאַרזאַמלט די יוגנט.

אין דעם מאָמענט האָט מען נישט געפילט אַז יידן האָבן זאָרגן, אַלע צרות האָבן זיך געענדיקט, עס איז געווען שבת.

איך געדענק, אַז הערשל קשאנזיניצקי, אַ פרומער ייד פלעגט זיך האַלטן שבת

פאַרן גרעסטן נגיד. דאָס געלט ליגט אונטערן קישן און ער קאָן דאָס נישט נעמען צוליב קדושת שבת. איך דערמאָן זיך, אַז אַלס יינגל פלעג איך גיין מיט מיין פאָטער צום דאַווענען אין גערער שטיבל. ביים עפענען די טיר האָט זיך געפילט אַ קדושה. אַלץ איז געווען אַזוי שבתדיק, — דער שלום עליכם און דאָן דער לכו נרננה פון אברהם ארליך איז דאָך געווען אַזוי נשמהדיק, מיט אַזוי פיל האַרציקייט. און ביים שבתדיקן טיש, ביים קומען פון דאַווענען, דער קידוש און זמירות, דאָס דערלאַנגען צום טיש, אַלץ איז געווען אַזוי שיין און מיט יידישן חן.

מיר, קינדער, האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו דעם לאַנגזאַמען שבתדיקן



יידישע ברוקירער אין ביאַלע ביי דער אַרבעט. לייב־בער (מיט דעם שטויס־קלאָץ אין דער האַנט) און לינקס, מיט דער גראָער באָרד זיצט שמואל־עליע פראַנק

טיש. מיר האָבן געוואָלט ס׳זאָל זיך וואָס שנעלער ענדיקן, מיר זאָלן קאָנען אַרויס צו חברה, אין דער אָרגאַניזאַציע.

אַ יוגנט האָבן מיר געהאַט זייער אַ שיינע, ווי אויך אַ קולטורעלע. כאָטש קיין צו גרויסע בילדונג האָבן מיר נישט באַקומען, ווייל מען האָט אונדז נישט דער־מעגלעכט צו לערנען. דאָך האָבן זיך געפונען צווישן אונדז יוגנט אַזעלכע, וואָס זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט וויסן, און דאָס פון זיך אַליין.

ווי לעבעדיק שטייט איר מיר אַלע פאַר מיינע אויגן, ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך אייך נישט פאַרגעסן, איר לעבט אין מיין האַרץ אין מיין נשמה. אייערע שאָטנס באַגלייטן מיך אומעטום, אין טרויער און אין פרייד, זע איך אייך מיט אויסגעשטרעקטע הענט, איך הער אייער געשריי, נעמט נקמה! אונ־דזערע קליינע עופהלעך, הונגעריקע און דורשטיקע, טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, איר לאָזט מיך נישט רוען!

איך זע אייך ווי איר זאָלט בעטן רחמים ביי אונדז. ניין מיר האָבן אייך נישט געקענט העלפן. אונדזער געוויסן איז ריין: מיר די לעבנגעבליבענע וועלן אייך נישט פאַרגעסן. דאָס אומשולדיקע בלוט וועלן מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין.

זאָל מיין שילדערונג דינען אַלס מצבה פאַר מיינע טייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, מיין גאַנץ שטעטל יידן, וואָס זענען אומגעקומען אין די אויוונס פון טרעבלינקע.

פריידנרייך אליהו

## אברהם שומאַן (רמת השרון)

# זכרונות

ביז דער ערשטער וועלט־קריג האָט אין פוילן געלעבט, באַזונדערס אין די דערפער און אין די קליינע שטעטלעך, אַן אָפּגעשטאַנענע באַפעלקערונג, אָן אָדער זייער וויניק שולן. אויך דאָס שטעטל ביאַלאַ איז נישט געווען קיין אויסנאַם.

אין ביאַלאַ האָט געלעבט ביי אַ פיר הונדערט יידישע פאַמיליעס. מערסטנטייל זענען דאָס געווען בעלי־מלאכות. דער וואַרשטאַט מיט דער וווינונג, דאָס קינ־דער־צימער, דאָס עס־צימער און דאָס שלאָף־צימער איז געווען אין איינעם, אַלץ צווישן די פיר ווענט פון אַ קליין אָדער אַ ביסל גרעסער צימערל.

אויף שבת האָט מען צוגעדעקט דעם וואַרשטאַט מיט אַ ווייס ליילעך, און עס איז געוואָרן „יתרהדיק" אין שטוב. יידן, וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך אָפּגעלעבט מיט „גאָרנישט", אַדורכגעקומען „ווי עס איז", האָבן אויף שבת אָנגעגרייט פיש און פלייש. יעדער ייד איז אויף שבת געוואָרן אַ „בן־מלך", בקיצור „שבת־יידן".

זייער אַ קליינער פּראָצענט יידן האָבן זיך פאַרנומען ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־קריג מיט קליין־האַנדל און האָבן געקאָנט רואיק לעבן און נישט זאָרגן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע אַ ביסל געענדערט צום בעסערן. יידן האָבן אָנגעהויבן שמוגלען. די דייטשן האָבן באַ־זעצט פוילן און האָבן אַלץ אין באַשלאַק גענומען. אין די גרויסע שטעט האָט מען נישט געקאָנט צופירן קיין עסן און יידן פון די קליינע שטעטלעך האָבן געמאַכט פרנסה. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט מען נישט געלעקט קיין האָניק, אָבער מען איז געווען צופרידן סיי פון דער ענדערונג און סיי, וואָס מען האָט זיך באַפרייט פון צאַרישן שטיוול.

מיט דער באַפרייונג פון פוילן האָט זיך די לאַגע פאַר די יידן גענצלעך געענדערט. פון איין זייט האָבן יידן געליטן פון אַנטיסעמיטיזם, אָבער פון דער

צווייטער זייט, האָט זיך אָנגעהויבן די רענעסאַנס־באַוועגונג. זעבלסטפאַרשטענדלעך, אַז עס האָט זיך אויך אַריינבאַקומען אין ביאַלאַ. די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין אַ גיכן טעמפּאָ. עס האָט זיך געעפנט אַ קולטור־פאַראיין, אַ ביבליאָטעק, און באַלד האָבן זיך אָרגאַניזירט פּאַרטייען — בונדיסטן, ציוניסטן, קאָמוניסטן, אויך אגודה און האַנטווערקער. אַזוי, אַז עס איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרבנרייך קולטורעל לעבן, ביז די נאַצישע שלאַנג איז אַריין אין פּוילן, פאַרניכטעט דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום. נישט קיין אויסנאַם איז געווען ביאַלאַ.

איך וויל ווידמען אַ פּאָר ווערטער דריי מענטשן פון אונדזער שטעטל ביאַלאַ. זאָלן די דריי זיין אַ סימבאָל פאַר אונדזער שטעטל.

דער ערשטער מיין שכן, רב משה קאַצקער. אַ פרומער ייד, אַן ערלעכער. אַ שוחט. עס איז איבעריק צו שילדערן פאַר אונדזערע שטאָטישע דעם ייד רב משה קאַצקער. וואָס האָט מיך באַוויגן צו שרייבן גראָד וועגן אים, וועל איך אייך זאָגן...

זייענדיק אויף אַן אזכרה־אָוונט, האָט אַ שטאָטישער לעאָן שטובערט, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַצי־באַנדיטן, דערציילט, אַז רב משה קאַצקער האָט אַלע יאָרן זייענדיק אין געטאָ געהאַט פאַרבונדן דאָס פּנים, כדי מען זאָל אים נישט אָפּשניידן די באָרד. טראָץ דעם, וואָס יעדע מינוט האָט אים געדראָט דער אומקום, האָט ער זיך נישט געקאָנט שיידן פון זיין באָרד, דעם סימבאָל פון יידישקייט. ווי גרויס דאַרף זיין אַ מענטש אין זיין בטחון, אַז אפילו בעת אַזעלכע גרויזאַמע איבערלעבענישן פון פּחד און פּיין, זאָל ער אָפּהיטן זיינע מנהגים.

כבוד זיין אָנדענק!

דער צווייטער איז זעליג דעם שניידערס זון חיים. ער איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד. געווען איינער פון די אַקטיוועסטע קעמפער אין געטאָ, געפאַלן מיט געווער אין דער האַנט.

כבוד זיין אָנדענק!

איך וויל נישט מאַכן פון דעם קיין אויספיר — ווער עס האָט מער געדינט אונדזער כבוד — די וואָס האָבן געדינט אַקטיוו מיט געווער אין האַנט אָדער די וואָס האָבן געקעמפט פּאַסיוו, אָבער אָפּגעהיט זייער מענטשלעכן „איך". איך בין צו אָרעם צו שילדערן די דאָזיקע העלדן. ווען עס וואָלט געלעבט אַ פּרץ — וואָלט ער באַשטימט פאַר זיי איינעם פון די שענסטע ערטער אין גן־עדן — און אויב נישט נאָך העכער...



אַ גרופּע ביאַלער אין ישראל ביי דער פּייערונג פון פלאַנצן אַ וואַלד א. נ. פון משה פראַנק און זיין משפחה. פון רעכטס אויף לינקס: הערשל אַרטמאַן מיט זיין פרוי, חיה לנדנר, טובה פריידנרייך, לייב קופּערשמידט, דישקע הערשקאָוויץ, גיטל שטובערט, בעלאַ שטובערט, אליהו פריידנרייך, לעאָן שטובערט און וו. שומאַן.

אריה יעקובוביץ

# ר׳ בינם־שלמה מלמד

איינער פון די פאָפולערסטע טיפּן אין שטאָט איז געווען ר׳ בינם־שלמה מלמד. אין אַ זייטיק געסל פון שטעטל איז זיך אַזוי געשטאַנען, ווער ווייס וויפל יאָרן, דאָס הייזל — תמיד געבויגן פון אַלטקייט. און כאָטש דאָס הייזל איז געשטאַנען אַזוי געבויגן האָט זיך רבי שלמה געהאַלטן פאַר אַ בעל־הבית וואָס פאַרדינגט נאָך אַ דירה. עס איז תמיד פאַר אים געווען אַ כבוד, וואָס ער איז אַן אייגנטימער פון אַ הויז.

ווען איך בין אַלט געוואָרן פיר יאָר האָט מיר דער טאַטע געפירט אין



לינקס: דאָס הויז פון בינם־שלמה מלמד

חדר צו ר׳ בינם־שלמה. ווען איך בין אַריינגעקומען אין חדר בין איך שטאַרק נישט אַנטציקט געוואָרן פון דער גרויסער באַקוועמלעכקייט און רעש וואָס האָט געהערשט אין חדר. סך הכל איין צימער, אויסגעשטעלט מיט לאַנגע בענק, אויף וועלכע עס זענען געזעסן 40 — 30 תלמידים. דער רעש איז געווען נישט צו פאַרנעמען. דער זעלבער צימער האָט געדינט אַלס מחסן פון האָלץ. ווייל ר׳ בינם־שלמה פלעגט קויפן אַ פערטל האָלץ און אַליין עס צוהאַקן.

זיין סדר היום פלעגט זיין אַזאַ: אין דער פרי נעמען אַ גלעזל פינף און ניינציקער און דאַן זיך דערוואַרעמען אַ ביסל מיט האַקן האָלץ. פאַר יעדן פלעגט ער ווייזן, אַז כאָטש ער איז אַ מלמד איז ער אויך פעיִק צו אַנדערע זאַכן און ער גיט זיך אַן עצה מיט אַ שווערן קלאָץ, וואָס לאָזט זיך נישט לייכט צו האַקן.

מיין פאָטער האָט מיך פאָרגעשטעלט, אַז ער האָט געבראַכט אַ נייעם תלמיד. ר׳ בינם־שלמה האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן און געזאָגט צו מיין טאַטן: „נו, מרדכי־דוד, ווי לאַנג איז ווי דו ביזט ביי מיר געווען אַ תלמיד. אַנטלאָפן די יאָרן שנעל״.

אויפן טיש איז געלעגן אַ גרויסער אלף־בית. ר׳ בינם־שלמה זאָגט מיר, אַז פאַר מיר שטייט אַ קליינע אויפגאַבע — איך דאַרף נאָר קאָנען דאָס וואָס עס איז אויף דעם טאָוול. און אַז איך וועל אָננעמען זיין פאָרשלאָג און נאָכזאָגן אלף־בית דאַן וועלן פאַלן פאַר מיר פון הימל צוקערלעך. די צוקערלעך האָבן מיר ווייניק אינטערעסירט. איך האָב נאָר געטראַכט — ווי זעט מען די טיר אויף דער אַנדער זייט. איך האָב ווייניק חשק געהאַט איבערצובלייבן צווישן דער חברותא, ווו איך האָב אויסגעזען גרינער פון זיי אַלע. יעדער פון זיי איז געווען אויף זיין קבוע־פּלאַץ אויף דער באַנק. ר׳ בינם־שלמה האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז טאָמער וועל איך זיך טאַקע פאַרעקשנען און נישט וועלן נעמען אויף זיך דעם פאַרגעלייגטן תפקיד — אָנצופאַנגען לערנען דעם אלף־בית — האָט ער דערצו אַ גאַנץ גוטע סגולה. און גלייכצייטיק מיר געוויזן, אַז דער קאַנטשיק, וואָס איז געפלאָכטן אין דרייען, ליגט גרייט.

ר׳ בינם־שלמה האָט געהאַט אַ פעדאַגאָגישן טאַלאַנט מבטן ולידה. ווי ער האָט אָפט געזאָגט זענען דער רוב פון שטאָט געווען זיינע תלמידים — כל באי העיר עברו לפניו. דריי דורות האָבן דורכגעמאַכט זיין „אַקאַדעמיע״; ווי ער אַליין האָט מודה געווען האָט ער געהאַט תלמידים וואָס זענען געווען מער לומדים פאַר אים אַליין. ער איז געווען אַ גרויסער בקי בהלכות עולם. אַ לעבעדיקע ענציקלאָפעדיע. אַלץ, וואָס מען האָט אים געפרעגט איז אים געווען באַקאַנט. ווייל ער האָט זיין

צייט נישט דורכגעלאָזט בחינם. קיין שום בוך אָדער צייטונג איז ביי אים נישט געווען פסול — ער האָט אַלץ געלייענט און אַלץ געוואָלט וויסן. יעדעס וואָרט וואָס מען האָט נישט געוווסט דעם פירוש, אַז מען האָט אים געפרעגט, האָט ער געזאָגט דעם שורש, ווו מען קאָן דאָס געפינען — אין תנ״ך אָדער אין אַנדערע מקורות, נישט פאַראַן קיין וואָרט אין תנ״ך ער זאָל נישט וויסן דעם טייטש — אַזוי האָט ער געזאָגט אויף זיך. איך גלויב, אַז ווען ער איז אין ישראל וואָלט ער דער ערשטער געווען „דער חתן התנ״ך״, ווייל יעדן פסוק פון גאַנץ תנ״ך האָט ער געדענקט ווו צו געפינען.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ גלח אויסגעלערנט לשון־קודש אין זייער אַ קורצער צייט. דער גלח האָט אים געזאָגט, אַז ער וווּנדערט זיך: פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרלירן זייער צייט אויף נאַרישקייטן, ווי קאָן אַ מענטש זיך דאָס דערלויבן. מען דאַרף תמיד זיין אַריינגעטאָן אין ספרים און לערנען. און דאָס האָט ר׳ בינם־שלמה מקיים געווען. ער האָט זיין צייט נישט מבטל געווען. עס איז תמיד מיט אים געווען אַ פאַרגעניגן צו שמועסן.

ווי ער האָט מיר דערציילט, איז מיט פיל יאָרן צוריק, זיין שטוב געווען אַ מקום מפגש פון דער אַמאָליקער אינטעליגענץ אין ביאַלאַ. זיין טאָכטער חוהלע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פיל פעאיקייטן. זי איז געווען די איינציקע פרוי, וואָס איז געווען אַ פאַרשטייערין אין ביאַלער שטאָטראָט.

פיל זכרונות און שמועסן פלעגן מיר הערן פון אים וועגן פריערדיקע דורות. ער אַליין איז געווען אַ חסיד פון אַלטן גראַדזשיסקער רבין, ר׳ אלימלך. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער פאַרגעזעצט זיין דרך החסידות און איז געפאָרן צום גראַדזשיסקער רבינס אַן אייניקל, רבי ישראל, וואָס האָט געוווינט אין וואַרשע.

ר׳ בינם־שלמה קאָן זיין, וואָלט דערגרייכט אַ טיפן עלטער, אָבער גלייך מיט אַלע איז אויך געווען זיין גורל אומצוקומען פון די מערדערישע הענט. די אַלע שמועסן וואָס איך האָב מיט אים געפירט וועלן ביי מיר אויף אייביק פאַרבלייבן אין זכרון.

ישראל־הערש ביעלסקי (חדרה)

# אומקום פון דער ביאַלער יידישער קהילה

מיין שטעטעלע ביאַלאַ, ווו איך בין געבוירן און מיין בעסטע יוגנט פאַרבראַכט האָט געררישט מיט יידישן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן. ביי אונדז זענען געווען פאַרשידענע פאַרטייען פון עקסטרעם־רעכטס ביז עקסטרעם־לינקס. מיר פלעגן פירן רוישיקע דיסקוסיעס ביז האַלבער נאַכט און אויסהערן שיינע רעפעראַטן, פון רעפערענטן וואָס פלעגן קומען פון וואַרשע און לאָדזש. מיר האָבן אויך געהאַט אַ ביבליאָטעק פון אַ גרעסערע צאָל ביכער און לייענער.

דאָס אַלץ האָט געדויערט ביזן יאָר 1939, ווען די שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אויפן פּוילישן הימל. דאָס איז געווען דער טרויעריקער אָנזאָג פון חורבן, וואָס וועט קומען אויפן פּוילישן יידנטום.

אונדזער שטעטל איז אין דער גרעסטער מערהייט באַשטאַנען פון יידן האַנט־ווערקער און קליינהענדלער, וואָס האָבן געצויגן די שווערע חיונה פון די אָרעמקע גויים.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1939 און די דייטשן האָבן אָנגע־הויבן מאַרשירן מיט זייערע פאַרבלוטיקטע שטיוול אויף דער פּוילישער ערד, האָט דאָס שטעטל אויך נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַנדערע שטעטלעך, עס הייבט זיך אָן דאָס גיהנום־לעבן פון די ביאַלער יידן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן איינפירן פאַרשידענע פאַרברעכערישע באַגרענעצונגען לגבי יידן — נישט לאָזן אַרבעטן, האַנדלען, אין דאַרף נישט גיין. פאַר איבערגיין די אַלע פאַרשריפטן איז מען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דייטשן מיט דער מיטהילף פון די פּאָליאַקן האָבן אויסגעראַבעוועט פון די יידישע הייזער דאָס האָב און גוטס און דערביי געשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס.

נאָך די אַלע שוידערלעכע, שרעקלעכע און דערנידעריקנדיקע פאַרברעכנס האָבן די דייטשן אין יאָר 1941, געשאַפן פאַר די יידן אין ביאַלאַ ראַוווסקאַ דאָס



שמואל רעפשטיין (שמואל שניידער). אין די יונגע יאָרן עמיגרירט קיין אַמעריקע, די בענקשאַפט נאָך דער היימישער ערד האָט אים צוריקגעבראַכט, ער איז מיט זיין פרעכטיקן הויז־געזינט אומגעקומען אינאיינעם מיט אַלע יידן אין די פייערן פון טרעבלינקע

געטאָ, ווו זי האָבן אַריינגעשטופּט אין שרעקלעכע באַדינגונגען אַלע יידן און אַריינגעפּאַקט זעקס־זיבן משפּחות אין איין צימער. דערצו זענען נאָך צוגעקומען פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקהייטן, וואָס יעדן טאָג האָבן די איינגעשלונגען צענדליקער מענטשן.

צום סוף פון יאָר 1942 האָבן די דייטשע פאַרברעכערס אַריינגעפּאַקט אַלע יידן אין פאַרסמטע וואַגאָנען, ווו אַ גרויסער טייל איז דערשטיקט געוואָרן ביזן אָנקומען אין טויט־לאַגער טרעבלינקע.

מיר, געציילטע געבליבענע יידן פון אונדזער שטעטל, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזערע טייערע ברידער און שוועסטער, מיר וועלן שטענדיק געדענקען, וואָס דאָס דייטשע פאַרברעכערישע פאָלק האָט אונדז געטון.

חיים־נחמן ביאליק

## על השחיטה

שמים, בקשו רחמים עלי!
אם־יש בכם אל ולאל בכם נתיב —
ו א נ י לא מצאתיו —
התפללו אתם עלי!
א נ י — לבי מת ואין עוד תפלה בשפתי
וכבר אזלת יד אף־אין תקוה עוד —
עד־מתי, עד־אנא, עד־מתי?

התלין! הא צואר — קום שחט!
ערפני ככלב, לך זרע עם־קרדם,
וכל־הארץ לי גרדם —
ואנחנו — אנחנו המעט!
דמי מתר — הך קדקד, ויזנק דם־רצח,
דם יונק ושב על־כתנתך —
ולא ימח לנצח, לנצח.

ואם יש־צדק — יופע מיד!
אך אם־אחרי השמדי מתחת רקיע
הצדק, יופיע —

ימגר־נא כסאו לעד !
וברשע עולמים שמים ימקו ;
אף־אתם לכו, זדים, בחמסכם זה
ובדמכם חיו והנקו.

וארור האומר : נקם !
נקמה כזאת, נקמת דם ילד קטן
עוד לא־ברא השטן —
ויקב הדם את־התהום !
יקב הדם עד תהומות מחשכים,
ואכל בחשך וחתר שם
כל־מוסדות הארץ הנמקים.

אייר, תרס"ג

## אריה יעקובוביץ

# ר׳ אברהם פריידנרייך ואשתו בילה לאה

בין האנשים החשובים בעיר המוכרים בין כל שכבות העם, היה ר׳ אברהם פרידנרייך חתנו של ר׳ יוסף שוחט. הוא היה אחד מיחידי־סגולה שהתרוממו במעלות שקשה למנות אותם. תלמיד חכם מובהק, ישב יומם ולילה על התורה והעבודה, בלי לעשות מתורתו קרדום לחפור בו. הוא באמת היה מאנשי צדק ושונא בצע. מסתפק במועט. הי׳ רחוק מתאות ממון, הי׳ חי בדוחק ולא הי׳ לו שום שאיפות לחיות בריוח. התרחק תמיד מכבוד סמיכת רבנות החזיק כל ימיו ולא השתמש בו. לחם תמיד על האמת והתרחק מהשקר. הוא לא הפסיד זמנו. אולם תמיד הי׳ קשור לספר הוא הי׳ בר אורין בקיא בש״ס ובפסוקים והרבה ספרי קודש. בהעדרו של הרב מעירנו באו אליו עם כל השאלות ודיני תורה. הוא קבל את כל אחד ואחד בסבר פנים יפות, השתדל תמיד לישר כל מיני סיכסוכים בלי שום תמורה. אהבת התורה ואהבת ארץ ישראל ואהבת ישראל, התמזגו בו מזיגה אחת. הוא אמר לי שלארץ ישראל הוא מוכן ללכת ברגל, לנסיעתי לארץ ישראל עזר לי הרבה כיושב ראש אגודת ישראל בביאלא, השתדל בכל כחו שאקבל סרטיפיקט כחבר צעירי אגודת ישראל. הוא בעצמו נסע לורשה למרכז אגודת ישראל, לבקש שיאשרו לי סרטיפיקט. בזוהר פניו שתמיד הי׳ שמח, אפשר הי׳ לראות בו שהוא תלמיד חכם אמיתי. הוא הי׳ חסיד גור וכולם ידעו שהוא מאנשי המעלה בבואו להרבי מגור. אף פעם לא הזכיר דברים גשמיים כגון פרנסה וכו׳, לא הי׳ לו שום דבר, לא בית פרטי ולא כסף, ולא רצה שום דבר. ספרו עליו שהי׳ לו משפחה באמריקה ובקשו שהוא יכתוב להם מכתב והם יעזרו לו. אז הוא אמר שלא זקוק לכסף אמריקאי, ולא חסר לו כלום. בזמננו קשה הי׳ למצוא אנשים שהתנהגו באורח חייהם כמו ר׳ אברהם. הוא בעצמו ידע לחיות בצמצום מאוד אבל מאחרים לא דרש את זה. אשתו בילה לאה היתה לו תמיד עזר כנגדו. ומי בעירנו לא הכיר את בילה לאה. היה לה כינוי „אם העיר״ לכל אחת היתה כמו אם. יומם ולילה באו נשים עם כל



אברהם פריידנרייך



ביילה־לאה פריידנרייך

**מיני בעיות והיתה תמיד מוכנה לעזור לכולם עד כמה שאפשר. ותמיד שהיינו אצלם לא נח הדלת, נשים צעירות עם ילדיהן באו לשאול עצות. והיא תמיד מוכנה בכל כוחה לעזור לכולם בכל מה שאפשר. אנשים שבאו לדין תורה כרגיל. התובע והנתבע רבים פעמים. היא עמדה באמצע לפשר בינם. היא היתה אהובה בין כל אנשי העיר והיא היתה מוכנה תמיד לעזור לכולם בלי הבדל. הופעתה**

בכל בית גרם לכולם נחת רוח. אפשר לומר שטיפוסים כאלו כמו ר׳ אברהם ואשתו ביילה־לאה מסיפורי האגדה אולי שומעים מאנשים שמסרו עצמם עבור הכלל. תשעה קבין חן הי׳ מוצק על פניהם של הזוג הזה. וכמה נאה הי׳ לעמוד ולהיות קרוב ולמחיצותיהם למי שהי׳ לב כבד וראש כואב הם היו למרפאה, הרבה מידות טובות אפשר הי׳ ללמוד מהם. ר׳ אברהם הי׳ מלמד לבחורים לומדי גמרא. וידעו כולם בעיר שכל מי שלמד אצל ר׳ אברהם אפילו למי שהי׳ ראש אטום הוא מוכרח לדעת ללמוד דף גמרא. והוא זכה שכל אלו שלמדו אצלו המשיכו ללמוד והם לומדי תורה ובקיאים בש״ס. וכל התלמידים שלמדו אצלו זכרו אותו תמיד לטובה. הוא לא התנהג לתלמידיו בקפדנות. לקשי תפיסה התנהג תמיד בסבלנות יתירה. בגלל זה רכש אהבת מתלמידיו, שכולם הורידוהו לו.

לר׳ אברהם פריידנרייך הי׳ בן יחיד שהתחתן בעיר ברז׳זין ע״י לודז ושם נשאר לגור, קראו לו ישראל. היו לו 7 ילדים. ביילה לאה אשתו של ר׳ אברהם נפטרה הרבה שנים לפני פרוץ המלחמה.

וגורלו של ר׳ אברהם הי׳ מר מאוד, הנאצים נקמו בו בצורה אכזרית שקשה להאמין.

## אריה יעקובוביץ

# ר׳ משה קוצקר וובר

מהדמויות הנעלות של עירנו, ר׳ משה קוצקר שימש כשו״ב וגם כבעל תפילה חזן לכל השנה ובעיקר בחגים ובימים נוראים.

ר׳ משה קוצקר היה מבורך בהרבה כשרונות. לאף אחד בעיר לא היתה כוח הסברה כמו לר׳ משה קוצקר, היו עוד למדנים שהיו בקיאים בש״ס ופוסקים כמוהו. עם כוח ההסברה שלו לא היה כדוגמתו. כשהוא היה מגיד שעור בדף גמרא בצעירי אגודת ישראל, תענוג היה לשמוע אפילו לאלו שרחוקים היו מלמודי קודש. הוא הצליח להכניס לראשם הבנה מלאה של דף גמרא. וכל מה שלמד עם הקהל גרם נחת רוח לשומעיו.

זה שלושים ושבע שנים שעזבתי את עירנו ביאלא ועדיין הוא נשאר חרות בלבי. תפילותיו היו מלאי טעם ולעולם לא אוכל לשכוח אותם. הופעתו היתה נאה קולו היה נעים, ותפילותיו בימים הנוראים היו תמיד בהתלהבות עצומה. ולא פעם מתעוררים בלבי געגועים על הימים שחלפו ואינם עוד.

בזמן תפילתו של ר׳ משה קוצקר פחד היה נופל על כולם כשהוא פתח בתפילה „הנני העי ממעש״ לפני מוסף של ראש השנה ויום הכפורים. הוא ידע להתאים קולו לפי פירוש המלים, הקהל ראה שר׳ משה קוצקר ראוי לעמוד לחנן ולבקש עבור כל הקהל הקדוש, כי כל מה שכתוב בתפילת הנני העני ממעש נתקיים בו. הכונה לקולו הנעים וזקנו המגודל ומעורב בין הבריות. והאם אפשר לשכוח המתיקות של „כל נדרי״ כיצד היה מתפלל.

אורח חייו כתלמיד חכם היה למופת הוא היה מכובד בין כל שכבות העייר בכל מקום הופעתו רכש לעצמו כבוד והערצה כי תואר פניו העיד עליו שהוא תלמיד חכם. לא התקיימה בעייר שום שמחה בלי השתתפותו, בחתונה או בארוסין והוא תמיד כתתב התנאים והכתובה, הופעתו עשתה רושם רב והיה מוכר בין הציבור.

משפחתו, היו לו שני בנים ושתי בנות. בנו לייבל היה כלי מפואר שהיה במה להתפאר בו. שנים רבות ישב בבית החסידים דגור ומילא כריסו בש״ס ופוסקים, היתה לו תפיסה מהירה, וכשלמדו אותנו את הנביא ישעיהו עם פירושים הוא ידע לפרש בטוב טעם, וזה היה בין חברי צא״י. היתה לו הופעה נאה תואר ופניו היה להפליא.

גורלו, סיפרו שהצליח להימלט, אולם לצערנו לא נראה הדבר נכון, בנו פינה התחתן עם בתו של מאיר המל. ובתו הגדולה התחתנה עם לייבל פייגנבוים שעבד אצל וולוול ויבר במאפיה. יותר אין לי שום ידיעות, בודאי הוא שתה את כוס התרעלה יחד עם אנשי ביאלא. ואיש אינו יודע מה היה קיצם ואיך ? אלו שהכירו את ר׳ משה קוצקר יזכרו אותו עד הנשימה האחרונה שבחייהם.

ת. נ. צ. ב. ה.

אריה יעקובוביץ

# ר׳ זלמן פריידנרייך

ר׳ זלמן פריידנרייך היה מורה במקצועו מהאישים החשובים בעירנו. ר׳ זלמן פריידנרייך חינך הרבה בנים לתורה ולידע. הוא היה מבורך בכשרונות כי התלמידים שנכנסו לחדר של ר׳ זלמן התחיל ללמוד גמרא. ולא קל למורה להתחיל ללמוד עם תלמיד פרק קשה, כי ויש תלמיד שיש לו תפיסה מהירה ואין לו רצון להתאמץ לתפוס מה שלומדים. לר׳ זלמן היה רגש פסיכולוגי לדעת למי כדאי להשקיע כוחות ולמי בחינם עבודתו. אחד מתלמידיו סיפר לי מתי היה מיוחדים במקצוע שלו כמורה ומחנך. החדר שלו היה יותר מכובד וחשוב בעיר, בחור גדול שלמד אצל ר׳ זלמן. שר׳ זלמן הסביר לתלמידיו גמרא ולמי שהיה ראש סתום היה צריך לקלוט כי היה לו סבלנות בלתי מוגבלת. חשבו אותו כקפדן כי הוא דרש הקשבה. כפדגוג מנוסה חזר בדבריו בהסברתו באיזו שהיא סוגיא כמה פעמים, והוא רצה לאלו שיש להם תפיסה מהירה יקלטו היטב דבריו והוא פנה לתלמידיו באמרו למי שעדיין לא מובן ולא תפס יגיד והוא יחזור עוד פעם. אבל הוא מאוד שנא מי שאמר שידע ולא ידע. הורי התלמידים ידעו היטב כי לא בחינם הם משלמים שכר לימוד לר׳ זלמן כי ידעו שר׳ זלמן משקיע כל כוחו ומרצו על מנת שתלמידיו יתקדמו והוא יראה את ההישגים מפרי עמלו וזה היה הסיפוק הכי גדול שלו. רמת הלימודים אצלו היה אחר לגמרי ממוריב אחרים לפי טיב תשובותיו של התלמיד הוא הכיר הישגיו בלימודים והתאמץ תמיד לקדם את אלו המפגרים לצעוד קדימה. הוא עזר לכל תלמיד לפי כושר יכולתו. מחוץ ללימודי הקודש התענין במטען חומר הלימודים כגון כתיבה וחשבון. את רמתו של התלמיד הכיר מתגובותיו בכל פעולה ועבודה עצמית שהוטל על התלמיד לעשות. הוא ידע להתחשב עם רמת הקושי שלכל פעולה שהוטל על התלמיד לעשות באופן עצמאי ודן אותו לפי חומר פעולותיו. הוא מנע מלשבח את התלמיד הטוב על מנת לא לגרום אכזבה לתלמיד הבלתי מתקדם. לר׳ זלמן היה כתב יד יפה

שקשה לתאר. תלמיד שגמר לימודיו אצל ר׳ זלמן הכירו בו בכתב ידו שהוא היה תלמידו של ר׳ זלמן.

תלמיד שגמר את החדר של ר׳ זלמן היה חצי מושלם בידע של לימודי קודש וגם בלימודי חול, כגון כתיבה ביידיש ופולנית ובחשבון. מחוץ למלאכתו

4 —

שהתעסק במלאכת הקודש היה מחקשובי חסידי גור ומהאנשים המכובדים מכל חוגי העיר. לא ידוע לי מימיו האחרונים, אבל בטח ליוהו אותו הגורל כמו לכל אנשי עירנו ביאלא.

יהי זכרו ברוך ונזכר עד סוף כל הדורות.

מוצש״ק ויגש תשכ״ז

אריה יעקובוביץ

## ר׳ שלמה אמבוס

אַן ענלעכער טיפּ צו ר׳ איטשע גורפינקעל איז אויך געווען ר׳ שלמה אמבוס.

ר׳ שלמה אמבוס איז געווען אַ געשמאַקער ייד, תמיד גרייט געווען צו געבן אַן עצה נישט סתם דברים בעלמא. ער איז אויך געווען באַהאַוונט אין געזעצן וועגן אַקטועלע ענינים ווי מס־הכנסה און אַנדערע.

ר׳ איטשע איז געווען אַ גערער חסיד. אָבער שטענדיק האָט מען אים געטראָפן אַן אויסגעפּוצטן, ווער שמועסט שבת אָדער יום־טוב ווען ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין דער שיינער זיידענער יופּיצע און מיט די אויסגעפּוצטע שיינע שטיוועלעך האָט ער געהאַט אַ ספּעציעל עסטעטישן אויסזען.

ער איז געווען אַ ייד אַ פּיקח וואָס איז אים געקומען בירושה. דאָס האָט ער געירשנט פון זיין פאָטער שמואל־מאיר בעקער, וואָס איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם. מען פלעגט אויך צו אים קומען פרעגן עצות און מיט זיינע קלוגע איינפאַלן האָט ער פיל מענטשן פון צרות אַרויסגעשלעפּט.

אויך האָט ר׳ שלמה אמבוס אומעטום געהאַט אַ דריסת רגל, איבעראַל האָט מען אים געקענט און רעספּעקטירט, ווייל געוווסט האָט מען, אַז אַלע השתדלותן האָבן אַ פּעולה.

ער איז אויך געווען אַ לאַנגיאָריקער פאָרזיצער פון דער יידישער קהילה. צו דער דערעפענונג פון דעם העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים האָט ער געשיקט אַ באַגריסונג־טעלעגראַמע אין נאָמען פון דער קהילה, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט רעפּרעזענטירט די גערער חסידים און זיי האָבן עס נישט געוואָלט.

מיטן אונטערגאַנג פון פוילישן יידנטום זענען אויך אונטערגעגאַנגען אַזעלכע יידן ווי ער, וואָס זייער גאַנץ לעבן איז געווען געווידמעט דעם כלל.

זאָל זייער אָנדענק אויף אייביק מיט ברכה דערמאָנט ווערן.

כבוד זיין אָנדענק.

## אריה יעקובוביץ

# הסבא שלי יוסף יקיר

**עוד בילדותי נקשרה נפשי בנפשו אהבה פנימית. ממנו שאבתי את נעורי. זכורני בעודני ילד רק כלתה נפשי לסיפורי מעשיות שיש בהם כדי להקנות לילד תוכן רוחני. תמיד הייתי קשור בו ובהתעניינות מוכן לשמוע את סיפורי צדיקים וחלק גדול של הסיפורים על מה שהוא בעצמו עבר בחיים. הייתי תמיד בולע בצמא דבריו, כך גרם לי להחדרת תוכן בנפשי המצא לשמוע מעשיות מרבנים, צדיקים וגדולים שדברי תורתם מפוזר בהרבה ספרים. הרבה זמן בליתי אתו. הסבא שלי היה איש תמים, הוא לי ידע בחיים שלו לשקר, הוא היה נעים בהליכותיו, הוא היה אוהב להיות מצוחצח ומסודר ותמיד הוא היה רגיל לפני צאתו מהבית לכפתר את מעילו ולצחצח את הנעלים. הוא היה חסיד במעשיו. הוא היה איש פשוט אבל התנהגותו בחיים היום יומיים היה כתלמיד חכם. הוא היה מסתפק במועט, אף פעם לא התלונן שחסר לו משהו בנעריו, עבר זמנים קשים, הסבתא ע"ה היתה תמיד עזר כנגדו. רגיל היה בזמנים שעבודה שלו חכתה לו והוא הלך להתפלל ושהה בבית הכנסת שעתיים בלי להתחשב עם שום דבר. הכסף לא משך אותו, הוא היה מאנשי אמת ושונאי צבע, הוא ברח מהכבוד ולא הסתכל אף פעם מאחוקריו לראות אם הכבוד רודף אותו מאחוריו. הוא הצטיין במידות טובות. באופן נפלא היה חוסך מהמעט שלו ונתן לאחרים. זוכרני שהסבתא סיפרה שכל אלו שבאו ובקש נדבות עבור מוסדות או ישיבות בזמנים הכי קשים לא השיב פניהם ריקם. וקרה פעם שבא משולח מאיזו שהיא ישיבה ולא היה לו מה לתת לו היה פונה לסבתא שהיא תתן, והיאי ענתה לו שאין לה. אז הוא אמר לה שראה שכן יש לה, באיזה ספל ראה שיש כסף, והסבתא סיפרה שהיא אספה קצת כסף בלי ידיעתו והוא תפס את זה ונתן למשולח שלא יצא בידיים ריקות חלילה. תמיד היה מוכן לחלק מלחמו הדל לזולת.**

**תולדות חייו הם מלאים וגדושים ממעשים טובים. בעברו ברחוב תמיד השתדל**



יוסף יקיר פלאָצקי



נחמה, פרוי פון יוסף פלאָצקי

**לשמור על ילדים קטנים שלא יקרה להם שום תאונה, ובאם הוא ראה ילד גלמוד הוא הביא אותו הביתה על מנת שלא יהיה מופקר באמצע הרחוב שלא יקרה שום אסון. הוא תמיד עזר לומר קדיש לאלו ילדים שלא ידעו לומר קדיש בעצמם.**

מי שהכיר אותו ידע את זה שבסוף ימיו עד יומו האחרון היה עובר בעצמו יחיד כל העיר לאסוף כסף לאיש אומלל שלא היה לו מי שידאג עבורו על קיומו.

אין ביכולתי למנות את כל מעשיו הטובים, כנכד שהייתי קשור בו לוויתי אותו בכל מקום ואהבתי לשמוע איך הוא משתעשע עם בכיריו בדברי תורה, במילי חכימא מפרשת השבוע. הוא היה מאוד מסוגל לקלוט דברי תורה. זוהר פניו היפים משך אותי תמיד. בשבתות הייתי רגיל לטייל אתו.

עוד לא נשכח מלבי את הזמירות בשבת שרגיל הייתי לשיר יחד עם הסבא. היתה לו תפיסה מהירה בשומעו פעם אחת ניגון כבר ידע לשיר בו. הימים האלה שביליתי במחיצתו חרותים עמוק בלבי שאי אפשר לשכוח אותם.

## אליהו פריידנרייך

...בשם כל אנשי ביאלה־רבסקה אני נפרד ממך גיטלה היקרה.

הכרתיך משחר ילדותך. לא היו לך חיים קלים אף פעם, בת למשפחה עמלה — עזרת תמיד לקיומה.

זכורים לי הימים לפני 28 שנים עת הכנסתי אותך ל„פרייהייט" ולאחר זאת — להכשרה. היית כה מאושרת עם עלותך ארצה וכניסתך לקיבוץ.

בת למשפחה של תשעה ילדים — נשארת יחידה, ואת גם בין היחידים שנשארו מהעירה שלנו לאחר חורבנה ע"י היטלר.

והנה בא עליך אסון ומחלה — חשבנו, האמנו, שתתגברי על המחלה הממושכת, אבל תקותנו נכזבה — לא יכולת לה; ואנו עומדים עתה על קברך הרענן.

נזכרך לעד!

געבוירן — 17.2.1916 ; געשטאָרבן — 15.4.1959

## בנקוף שנה

חלפה שנה מאז נקרעה מאתנו ידידתנו היקרה גיטלה שטינמן ז"ל ועדיין קשה להשלים עם הרעיון שאכן גיטלה העליזה, הערה, התוססת, מלאת חיים ואנרגיה אינה יותר בחיים.

היא — האחת ששרדה מהמשפחה שמנתה תשעה ילדים, אשר הושמדו על ידי הצורר הנאַצי, נקטפה אף היא בדמי ימיה.

מנעוריה נשאה בעול החיים הקשים של הוריה העניים, בעיירה ביאלה־רבסקה אשר בפולין.

עם זאת מצאה זמן ומרץ להיות פעילה בהסתדרות הנוער הציוני־סוציאליסטי „פרייהייט", עליה נמנתה מגיל 14 שנה.

מסירותה לתנועה היתה ללא גבול ואחרי יום עבודה מפרך בנשיאת חלב על



גיטעלע שטיינמאַן ז"ל

כתפיה הרכות, לא הרגישה כל ליאות בבואה לעת ערב לאגודה (פאַראיין).

אזכר היום שהבאתי לה את הבשורה כי אושרה ליציאה להכשרה.

„יום זה — אמרה — הוא היקר ביותר בחיי ועד עולם לא אשכחהו".

בקיבוץ ההכשרה — אליו נכנסה — הצטיינה מיד בכושר פעולתה ובמסירותה והמשיכה לחיות בו עד יומה האחרון.

עם בואה לארץ לא זנחה את רעיונה ומיד נכנסה לקבוץ גבעת השלשה הרבה לעבודה, לחברים, לקבוץ ולתנועה בכללה.

היא מצאה אושר בחייה בקבוץ, ומהיותה מוכנה תמיד להתחלק עם אחרים באושרה, דברה על לבם של העולים בני עירה שנפגשה אתם, כי יצטרפו לקבוץ וייהנו מאושר כמוה.

אמונתה ברעיון הקבוץ היתה מוצקת. מאורעות הזמן ואי־היענותם של העולים החדשים להטפתה, על כניסה לקבוץ, לא זעזעו את יסודותיה.

שוב ושוב נסתה את כוחותיה אצל כל עולה חדש וכל ותיק אולי יצטרף לחיי הקבוץ.

עונג מיוחד היה לשוחח עם גיטלה על הפרובלימות של החיים שלנו בארץ, ובתפוצות, על תנועת הפועלים העברים בארץ, על המפלגות הציוניות־סוציאליס־טיות. על הספרות העברית והיידיש, על התיאטרון והאמנות.

תמיד התפלאתי, מנין לה זמן לקרא ולהיות בקיאה בכל השטחים האלה, הרי לעתים קרובות עבדה שעות מרובות. הבית היה מסודר בטוב־טעם. הבנים נמצאו תחת פקוחה המתמיד, ואף בחיים החברתיים השתתפה.

אין זאת, אלא שזריזותה, ההתמצאות בכל המצבים, הזכרון הטוב חברו יחד והיא הספיקה הכל.

מה אכזר הוא הגורל שנפל בחלקה. היא ידעה ברור שהמות עומד מאחוריה.

גם בימים של המאבק עם מר המוות זכרה את בעלה, בניה, שבהם התגאתה, את חברי הקבוץ ואף מאחיה והוריה שהושמדו על ידי הנאצים ימח־שמם, לא הסיחה את דעתה וצוותה לחרות את שמות כולם מצד השני של מצבתה.

גדולה האבידה למשפחתה, לקבוץ ולכל ידידיה הרבים.

זכר נזכרך גיטלה!

אליהו פריידנרייך

# ר׳ אברהם פעלטערס לייזרוביץ

צווישן אַלע יידן וואָס האָבן פאַרדינט אַ גרויסן דרך־ארץ אין שטאָט האָט אָן שום ספק געהערט ר׳ אברהם פעלטערס, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט שערן און ראַזירן. ער איז געווען אַ שיינער ייד און אַ שיינער מענטש מיט זיין אויפפירונג. ער איז געווען זייער אַ ליבלעכער. די גאַנצע שטאָט האָט אים ליב געהאַט.

איך געדענק, אַז ווען דער סקאַלער רב איז געקומען קיין ביאַלא איז אויך ר׳ אברהם פעלטערס געווען פון זיינע אָנהענגערס. אַזוי האָט דער רב רעדנדיק מיט אים געזען פאַר זיך אַ ייד וואָס איז אַ פריזיער מיט אַזאַ ווונדערבאַרן אויסזען און ער איז אים זייער געפעלן. איין מאָל האָט ער געזאָגט, אַז ער וואָלט אים געוואָלט מיטנעמען אין דער שטאָט סקאַלא, כדי אים צו באַווייזן וואָס פאַראַ מוסטערהאַפטע מענטשן זענען פאַראַן אין ביאַלא. מיין זיידע יוסף יקיר פלעגט זיך חברן מיט אים.

זיין זון לוי איז געווען מיטגליד אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג אין ביאַלא. איך געדענק ווען ר׳ אברהם לייזעראָוויטש איז געוואָרן ערנסט קראַנק און פון דער קראַנקהייט איז ער שוין מער נישט אויפגעשטאַנען, האָט די גאַנצע שטאָט פאַר אים געבעטן, אַז ער זאָל געזונט ווערן. צוויי טאָג פאַרן שטאַרבן האָבן מענטשן זיך פאַרזאַמלט אַרום זיין הויז און מיט פיל צער אויפגענומען די ידיעות, אַז זיין מצב איז זייער ערנסט. איך געדענק ווי ער האָט שווער געקרעכצט און געשריען מאַמע. אַזעלכע מוסטערהאַפטע טיפּן פון מענטשן מוז מען שטענדיק געדענקען און עס איז זייער שווער אין זיי צו פאַרגעסן.

ער איז אויך זייער באַליבט געווען ביי די קריסטן. ער איז פאַר זיי געווען דער שרייבער פון ביטעס אין „סאָנד". ער פלעגט אויך דערשיינען אַלס זייער פאַר־טיידיקער אין געריכט. ער איז געווען פון די געציילטע אינטערעסאַנטע טיפּן פון אונדזער שטאָט.

כבוד זיין אָנדענק!

א. יעקובוביץ

הערשל אַרטמאַן (בת־ים)

## מיינע איבערלעבונגען בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע

אין 1933 האָב איך פאַרלאָזט ביאַלאַ און חתונה געהאַט אין גריצע מיט שרה מאַריאַנקאַ. זיך איינגעאָרדנט און אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע, עס איז אונדז געבוירן אַ טאָכטער אין 1934 — מרים, און מיר האָבן געפירט אַ שיין לעבן ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.ביים אויסברוך פון קריג בין איך מאָביליזירט געוואָרן דעם 6.9.39. אין דער פוילישער אַרמיי.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע טראַגעדיע אין מיין לעבן. כ׳בין אָנגעקומען קיין לובלין מיט דער פוילישער אַרמיי. די וועגן זענען געווען פול מיט טויטע, פאַרווונדעטע. כ׳האָב געזען דעם אָנהויב פון יידישן חורבן, ווי אַלץ ווערט פאַרברענט און פאַרניכטעט פון דער דייטשער אַרמיי. מיר זענען געגאַנגען ביז לוצק. צוליב די שטאַרקע באָמבאַרדירונגען האָט דאָס מיליטער צוריק מאַרשירט קיין קאָוועל און דאָרט האָט מען זיך דעמאָביליזירט.

נאָוועמבער 1939 בין איך צוריקגעקומען קיין גריצע און געטראָפן מיין פאַמיליע אינעם דייטשן גיהנום.

פעברואַר 1940, ווען מען האָט אָנגעהויבן צו ליקווידירן דאָס גריצער געטאָ בין איך מיט מיין גאַנצער פאַמיליע אַוועק אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס לעבן אין געטאָ איז געווען שוידערלעך — הונגער, קעלט, קראַנקהייטן; יעדן פרימאָרגן גאַנצע קופּעס מיט מתים צוגעדעקט מיט צייטונגען, פינקערטס אַנשטאַלט פון חסד של אמת האָט געאַרבעט ביי טאָג און נאַכט; די ס. ס. לייט האָבן געווילדעוועט אין די גאַסן, געכאַפּט מענטשן ווי די הינט צו דער אַרבעט, באַגלייט מיט קלעפּ און שיסערייען פון אַלע זייטן.

דעם 22.7.42 ווען דער פּרעזעס פון יידן־ראַט טשערניאַקאָוו איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צושטעלן די צאָל יידן וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט, האָבן מיר דערפילט, אַז ס׳איז דער אָנהויב פון סוף.



אויסגעמוטשעטע יידן ביי דער אַרבעט אין לאַגער בערגען־בעלזען.

נאָכן 22־טן יולי 1942 האָט מען ליקווידירט דאָס קליינע געטאָ און קאָנצענטרירט די יידן אין די שאָפּן. איך בין געשיקט געוואָרן אין דער פאַבריק אָקסאָקען, דזשיקאָ 13־11, און געאַרבעט ביזן געטאָ־אויפשטאַנד — דעם 19־טן אַפּריל 1943.

נאָכן אויפשטאַנד האָבן די דייטשן פאַראָרדנט, אַז ווער ס׳וויל פאַרלאָזן



יידן ביי דער שקלאַפן־אַרבעט אין בערגען־בעלזען.

וואַרשע האָט דאָס רעכט צו פאָרן קיין פּאָניאַטאָוו. איך מיט אַ גרופּע פון 35 יידן האָבן באַשלאָסן אַריין אין אַ בונקער אויף שטשענסליווע 5.

דער בונקער איז געווען צוגעגרייט ווייל מ׳האָט געהערט, אַז דאָס געטאָ ווערט יידן־ריין. מיר האָבן באַקומען געווער און אָנגעהויבן צו פירן אַ קאַמף מיט די דייטשע פּאַטראָלן. כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז אונדזער קאַמף איז אויסזיכטלאָז האָבן מיר געוואָלט לכל הפּחות ראַטעווען דעם יידישן כבוד און געוואָלט ווייזן פאַר דער וועלט, אַז יידן קעמפן מיט געווער אין דער האַנט קעגן די דייטשן, אין דער צייט ווען די גאַנצע וועלט, האָט פאַר זיי געציטערט.

דעם 10־טן מאַי, 1943, האָבן זיך די דייטשן דערנענטערט צו אונדזער בונקער און האָבן געפאָדערט מיר זאָלן קאַפּיטולירן, אויב נישט וועלן זיי

אויפרייסן דעם בונקער צוזאַמען מיט אונדז. (35 מענער, פרויען און קינדער). מיר האָבן באַשלאָסן זיך אונטערצוגעבן. דאָס געווער האָבן מיר באַגראָבן און מיר זענען אַרויס פון בונקער. נאָך אַ לענגערער אונטערזוכונג האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אויפן באַקאַנטן אומשלאג־פּלאַץ, אויף דזשיקאַ גאַס. נאָך צווי טעג פייניקונגען, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן די בונקערס, האָט מען אונדז, דעם 12־טן מאַי 1943, אָנגעלאָדן אין די וואַגאָנען וואָס מען פירט בהמות, געפּאַקט איינעם אויפן צווייטן. ס׳איז געווען פינצטער — איינער האָט נישט געזען דעם צווייטן. מענטשן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין חיות. כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט אין די געציילטע שעהן. דאָס גאַנצע „פינטעלע מענטש" איז פאַרשווונדן. אויפן אומשלאַגס־פּלאַץ אין וואַרשע האָב איך געזען ווי די ס.ס.־לייט האָבן געצווונגען די מוטערס זיי זאָלן זייערע קינדער אַרויפלייגן אויף די געהרגעטע מענטשן און אין די אויגן פון די עלטערן האָבן זיי דערשאָסן די קינדער.

אַזוי ווי מיר זענען אָנגעקומען קיין טרעבלינקע האָט מען גלייך אַוועקגענומען די פרויען מיט די קינדער אויפן פּלאַץ ווו ס׳געפינט זיך די גאַז־קאַמער. די געשרייען פון די פרויען און קינדער זענען דערגאַנגען עד לב השמים. אַלע האָבן געבעטן כאָטש אַ ביסל וואַסער פאַרן טויט. פון דעם מאָמענט האָב איך מער מיין פרוי און קינד נישט געזען.

צווישן די מענער האָט מען געמאַכט אַ סעלעקציע. פון 4000 יידן האָט מען אויסגעקליבן 540 און געשיקט קיין מאַידאַנעק, נישט ווייט פון לובלין. דאָס איז געווען, דעם 14־טן מאַי, 1943.

אין מאַידאַנעק בין איך געווען דריי מאָנאַטן. זייער שווער איז געווען מיין לעבן אין מאַידאַנעק. כ׳בין געווען אויפן דריטן פעלד און געטראָגן שווערע שטיינער, צו בויען דאָס קרעמאַטאָריום. דאָס פינפטע פעלד איז געווען פאַר פרויען.

סעפּטעמבער 1943 האָט מען מיר אַוועקגעשיקט נאָך אוישוויץ. אין טראַנספּאָרט האָט זיך געפונען 250 מענער און 500 פרויען. דאָרט האָט מען מיר געשטעמפּלט די האַנט און כ׳האָב באַקומען דעם נומער 127309. כ׳האָב דאָרט געאַרבעט אין די קוילן־גרובן און שפּעטער אַריבער אין דער בוי־קאָמאַנדע, ביזן 18־טן יאַנואַר 1945.

ווען מען האָט עוואַקואירט אוישוויץ האָט מען מיך געשיקט קיין בוכענוואַלד. דאָרט בין איך אָנגעקומען דעם 22־טן יאַנואַר 1945, דאָס איז געווען



דער אכזריותדיקער תלין און אויספאַרשונגס־שעף אין אָשוויענטשים, באָגער, פירט אַ ייד צו דער אויספאַרשונג.

דער ערשטער טויטן־מאַרש. דעם 10־טן אַפּריל 1945 בין איך אָנגעקומען קיין דאַכאַו און נאָך איניקע טעג שפּעטער זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי. מען האָט אונדז עוואַקואירט אויפן וועג קיין דאַכאַו. דאָס איז געווען 50 קילאָמעטער פון בוכענוואַלד, דאָס איז געווען מיין לעצטער טויטן־מאַרש.



דאָס קרעמאַטאָריום אין טויטן־לאַגער בערגען־בעלזען.

פון מיין גאַנצער היים — ברידער, שוועסטער, עלטערן — איז געבליבן איין שוועסטער, חנטשע, די איבעריקע זענען אַלע אומגעקומען צוזאַמען מיטן גאַנצן אייראָפּעאישן יידנטום. איין גרויס בית־הקברות. אין ביאַלאַ — מיין היים, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן — איז אַלץ אַרום פינצטער. ווו זענען אַהינגעקומען די ביאַלער יידן ?

אַ שטיקל צייט בין איך געווען אין דייטשלאַנד, און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין פּוילן. אין לאָדזש האָב איך געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיוו און דאָרט גע־

אַרבעט 10 יאָר. אין 1950 האָט מען אָפּגעוואָרפן מיין ביטע צו פאָרן קיין ישראל. אַזוי האָט געדויערט ביז 1958.

פאַר מיין אַרויספאָרן קיין ישראל זענען אַ גרופּע יידן געפאָרן באַזוכן ביאַלאַ



הערשל אַרטמאַן

— געטראָפן נישט מער ווי איין מצבה אויפן בית־הקברות. אין שול איז געמאַכט געוואָרן אַ סקלאַד פון סחורות. די עשרת הדברות זענען נאָר געבליבן אויסגעקריצט אויף דער וואַנט פון דער שיל: ל א ת ר צ ח ! כ׳האָב פאַר־לאָזט מיין שטעטל — געלאָזן הינטער זיך אַ גרויסע פאַרגאַנגענהייט. ביאַלאַ איז יידן־ריין, קיין זכר נישט געבליבן פון אַ גאַנצער שטאָט מיט יידן.

לאָדזש האָב איך פאַרלאָזן אין 1958 מיט מיין צווייטער פרוי און קינד. מיר האָבן זיך באַזעצט אין ישראל און אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. מיין זון איז אַן אָפיציר אין דער ישראל אַרמיי, און מיר האָבן שוין צוויי אייניקלעך זאָלן לעבן.

דאָס איז מיין איינציקע טרייסט נאָך דעם גרויסן אומגליק.

## אויסצוג פון „מגילת פולין" וועגן ביאַלאַ־ראַווסקאַ

צוגעשיקט פון **וועלוול גאָלדבערג** — קאַנאַדע

ביאַלאַ־ראַווסקאַ האָט זיך געפונען אין לאָדזשער קרייז און איז געווען אַן אַלטע יידישע קהילה מיט 1200 יידן. די יידן האָבן זיך מפרנס געווען פון קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי.

ביים אַריינגאַנג פון די נאַציס אין שטעטל האָבן די גויים געמאַכט אַ שרעקלעכן פּאָגראָם אויף די יידן — אַרעסטירט הונדערטער יידן, וואָס האָבן זיך דאָן געפונען אין ביאַלאַ; צוזאַמען מיט צענדליקער שטעטלטשע יידן איז אויסגעשאָסן געוואָרן יעדער צענטער ייד.

ביי די זייטן פון די וועגן, וואָס האָבן געפירט פון און קיין ביאַלע זענען געלעגן הונדערטער קערפּערס פון טויטע יידן געהרגעטע בעת די באָמבאַרדירונגען אָדער דורך די דייטשן.

ווען די קאַמפן האָבן זיך אָפּגעשטעלט איז געוואָרן אַ ביסל לייכטער. די אויסעראָרדנטלעכע געזעצן האָבן פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט אויף קיין איין מינוט, און ווי אַלע פּוילישע יידן זענען אויך די ביאַלער געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ. אָבער די יידן פון ביאַלאַ האָבן מקבל געווען די יסורים באהבה און האָבן געמיינט, אַז עס וועט זיך זיי איינגעבן, ווי עס איז, פאַרזעצן דאָס לעבן פון ליידן און פּיין.

אָבער אַט דעם גרויזאַמען לעבן האָט מען זיי אויך נישט פאַרגונען. די קליינע ביאַלער קהילה, וואָס איז נישט צוגעקאַאָפּטירט געוואָרן צום דריטן רייך, נאָר צו די אָקופּאַציע־געביטן, האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער נאַצי־אָקופּאַציע נישט געליטן פון מאַסן־עוואַקואירונגען ווי אַנדערע שטעטלעך. די ביאַלער יידן האָבן אפילו אַריינגענומען 1200 פּליטים פון אַנדערע קהילות אין לאָדזשער קרייז און זיך געטיילט מיט זיי מיטן אָרעמען שטיקל ברויט.

די ביאַלער קהילה איז ליקווידירט געוואָרן י״ז חשון תש״ג — מען האָט אַלע יידן אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.



דאָס איז דער גאַנצער אויסצוג וועגן אונדזער שטעטל.

אונדזער שטעטל ביאַלאַ איז שוין מער נישטאָ — פאַרשווונדן דאָס יידיש פולסירנדיק לעבן — אָבער די יידישע טראַגעדיע איז נאָך נישט פאַרענדיקט. ווער ווייס וויפל יידישע לעבנס וועלן נאָך אַוועקגעגעבן ווערן ביז די וועלט וועט ווערן הומאַניטאַר, מענטשלעך...

## זאב (וואָווע) שאַמאַן (תל־אביב)

# אונדזער ביאַלע אַמאָל און... היינט

אין מיין צייט איז אין ביאַלע געווען פיר ביז הונדערט יידישע משפחות, וועלכע האָבן זיך אַממערסטן פאַרנומען מיט פאַרשידענע מלאכות — שניידער, שוסטער, סטאָלער, געווען אויך סוחרים, קליינהענדלער א. אַנד.

אונדזער ערשטע שול איז געווען דער חדר. מען האָט אָנגעהויבן צו לערנען ביים דרדקי־מלמד פון דאַוונען ביז חומש. די רביס זענען געווען בינם־שלמה און ישראל־הערש. די היגיענישע באַדינגונגען אין חדר זענען געווען זייער פרימיטיווע.

שפּעטער איז מען געגאַנגען אין אַ העכערן חדר, ווו מען האָט געלערנט חומש, רש״י, גמרא, משניות. די רבים זענען געווען דער קאָלעביאַלער, זאַלמע מלמד א. אַנד. אין דעם חדר האָט מען אויך געלערנט שרייבן.

אין יאָר 1905, בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, האָט מען אויך גענומען „זאַפּאַסנע" זעלנער פון ביאַלע — דוד שמש, קלמן שניידער א. אַנד. טאַטעס פון קינדער האָט מען נישט גענומען. דער קריג האָט געדויערט איין יאָר — יאַפּאַן האָט געזיגט און צוגענומען ביי רוסלאַנד פּאָרט־אַרטור. אונדזערע זעלנער זענען בשלום צוריק געקומען.

אין יענער צייט זענען אין די פּוילישע שטעט פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס פאַר „נאַשאַ פּאָלסקאַ" — אין וואַרשע, לאָדזש און אויך אין אַנדערע שטעט. די צאַרישע אָכראַנע האָט באַלד געשיקט טשערקעסן, קאָזאַקן, מען האָט געקעמפט אין די גאַסן. אין לאָדזש איז דאַן געווען אַ מוסר מיטן נאָמען נח (נוחעלע) און ער האָט איבערגעגעבן אַ ליסטע מיט נעמען דער צאַרישער פּאָליציי. ווען מען האָט געכאַפּט האָט מען דערשאָסן.

משה פראַנק, איטשע רעפּשטיין, שמואל שניידער און אַנדערע פון ביאַלע האָבן געשוואָרצט די גרענעץ און זענען אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. אַ טאָג

נאָך זייער אָפּפאָרן האָט זיי געזוכט די צאַרישע אָכראַנע. דאָס איז געווען די ערשטע עמיגראַציע פון ביאַלע קיין אַמעריקע.

די צווייטע גרופּע קיין אַמעריקע איז געפאָרן דריי יאָר שפּעטער — דאָס מאָל ישיבה־בחורים — די זין פון משה מאָטל, יאַנקל בעקער, יוסל־מאיר וועבער א. אַנד. די עלטערן האָבן וועגן דעם נישט געוווסט, מען האָט דאָס זיי נישט דערציילט. אין אַ קורצער צייט אַרום זענען די בחורים משה־אברהם, מאָטל גאָלדבערג צוריקגעקומען, ווייל עס האָט זיי פאַרפעלט געלט.

די איניציאַטאָרן פונעם קולטור־פאַראיין אין ביאַלע זענען געווען: משה־חיים פילאָזאָף, ישראל מאַרכעוו, וועלוול גאָלדבערג, איטשע רעפּשטיין, וואָלף (וואָווע) שאַמאַן, אברהם האַמעל. אין קולטור־פאַראיין איז געווען אַ ביבליאָטעק מיט אומגעפער פינף הונדערט ביכער, צווישן זיי פון י. ל. פּרץ, שלום־עליכם און מענדעלע מוכר־ספרים, עמיל זאָלאַ, ניקאָליי טאָלסטוי א. אַנד.

אין יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָבן די דייטשן פאַרטריבן די רוסן פון אייראָפּע; אין 1915 האָבן די רוסן די דייטשן פאַרטריבן. נאָך לאַנגע, אַהין און אַהער, האָט מען אַלעמען פאַרטריבן קיין וואַרשע. די רוסן האָבן געמיינט, אַז צווישן די יידן זענען פאַראַן שפּיאָנען.

דערנאָך האָבן די דייטשן באַזעצט גאַנץ פּוילן און מען איז ווידער געקומען אין ביאַלע. דאָס שטעטל האָט ווידער אויפגעלעבט. בעת דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד זענען פיל יידישע יוגנטלעכע אַרויסגעפאָרן קיין דייטשלאַנד.

איך בין אַרויסגעפאָרן פון ביאַלע און זיך איינגעאָרדנט אין דייטשלאַנד; אויך מיין ברודער נתן און די שוועסטער רבקה זענען געקומען קיין דייטשלאַנד און דאָרט געלעבט ביז 1933, ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט.

מיינע אַנדערע שוועסטער און ברידער מיט זייערע קינדער זענען פאַרבליבן אין פּוילן און זענען אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע צוזאַמען מיט די פּוילישע יידן — די ברידער משה, יעקב, הערשל, שלום; די שוועסטער שיינדל, רבקה מיט איר מאַן וואָלף — מיט זייער גאַנצער משפחה. נאָר די קינדער פון רבקהן זענען אין ישראל.

יעקב הערשקאָוויטש — תל־אביב

# מיין משפחה

ווער פון די ביאַלער געדענקט נישט די משפחה הערשקאָוויטש — ישראל הערשקאָוויטש אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל — ישראל־שלמה יצחקס שוחט. ער האָט געהאַנדלט, אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע — פיר זין און דריי טעכטער. זיי האָבן אַלע חתונה געהאַט און געהאַט אייגענע פאַמיליעס, — געקומען קינדער, אייניקלעך.

דער עלטסטער זון אביגדור האָט חתונה געהאַט אין מאַגעלניצע און אומגעקומען צוזאַמען מיט די ביאַלער יידן. זיין יינגסטער זון חיים איז אַלס יינגל, אין עלטער פון 15 יאָר אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד. בעת דער מלחמה איז ער געקומען מיט דער פוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס קיין ארץ ישראל און שוין פאַרבליבן אין לאַנד. ער איז אָבער קראַנק געוואָרן אויפן האָרץ צוליב אַלע זיינע איבערלעבונגען אין די רוסישע לאַגערן און איז געשטאָרבן אין ישראל.

מיין שוועסטער לאה האָט חתונה געהאַט מיט יחיאל פרידמאַן און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע ראַוער יידן. די שוועסטע גיטל האָט חתונה געהאַט מיט חיים־הערש גוויאַזדאַ און געוווינט אין וואַרשע. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די קינדער.

מיין ברודער משה איז קראַנק געוואָרן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע און געשטאָרבן פון הונגער. זיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען.

מיין שוועסטער שרה, די פרוי פון שלמה רומבאַלסקי איז אומגעקומען מיט אַלע ביאַלער יידן.

מיין יינגסטער ברודער הערשל האָט חתונה געהאַט מיט זיסל לעזעראָוויטש און געהאַט אַ טאָכטער חנה. קיינער ווייסט נישט ווו און ווען מיין ברודער איז אומגעקומען. זיסל מיט דער טאָכטער האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך אין ישראל.

אָט אַזוי איז פאַרשוווּנדן אין די בעסטע יאָרן אַ גאַנצע משפּחה, פאַרטיליקט געוואָרן דורך די נאַציס ימח שמם!

ערע זייער אָנדענק!

# ר׳ פנחס זימלר



פנחס זימלער מיט זיין פרוי מלכה.

**מפעם לפעם מופיעים בדמיוני עוד דמויות נעלות שיש לי רצון להנציח אותם.**

**את ר' פינה זימלר הכרתי היטב כי לא רחוק מאתנו היה גר, עוד הכרתי את חותנו ר' מוטל ואשתו, שניהם נפטרו בתוך 8 ימים.**



געצל גרודנס מיט זיין פרוי דבורה, די טאָכטער פון פינה און מלכה זימלער

**ר' פינה היה מנכבדי העיר, פירנס את משפחתו מחנות המכולת, עשיר גדול לא היה. הוא היה מתפלל בבית חסידי גור, הוא היה מתלמידיו של ר' בונים שלמה, שבא כל ליל שבת בחורף ללמוד מדרש רבא, ובקיץ בשבת אחרי הצהרים.**

**ביתו של ר' פינה זימלר נכבש על הרעיון הציוני, כי הבנים והבנות של ר' פינה היו חובבי ציון. גם חתנו גציל גרודנס היה אוהב ציון מובהק.**

**זכה ר' פינה מה שמליונים לא זכו, בנו מאיר עלה לארץ ישראל בשנת 1929, אחרי כמה שנים הצליח בדרישה להביא את ההורים והאחיות יפה ומרים.**

**אמנם גם ר' פינה שיכל את בתו הגדולה ובעלה והילדים וגם בנו יחיאל אבל ב"ה שהציל את חתנו יעקב הרשקוביץ ובתו, וכעת ב"ה יש להם ילדים ונכדים. יפה ומרים התחתנו בישראל ולהם יש ילדים ונכדים.**

**הוא היחידי מאנשי ביאלא שלא עבר עליו הגיהנום הנאצי, הוא ואשתו שבקו חיים לכל חי בארץ הקודש.**

א. י.

# שלמה אַרטמאַן

מגמתי היא להעביר מה שיותר אנשי עירנו תחת העט שלי. ישנם הרבה אנשים שמעט מאוד ידוע לי על אורחות חייהם ובכן אשתדל לכתוב כמה שידוע לי.

ר׳ שלמה ארטמן היה בנו של מרדכי שמואל, הם היו משפחה גדולה בעירנו ואולי מהעשירים הגדולים בביאלה. ברחוב הראשי לא רחוק מהדאר היתה החנות



שלמה אַרטמאַן



אסתר אַרטמאַן

שלו, מנופקטורה וגלנטריה. וזו החנות היחידה בעירנו שהכל אפשר היה להשיג. ר׳ שלמה היה סוחר ממדרגה ראשונה וראינו שההצלחה עלתה לו מיום ליום יותר. כל הבנים עבדו בחנות וכולם היו עסוקים. וזה לא ראינו בשום מקום אחר, כי אצלו היה מחיר קבוע. הוא רכש לעצמו אמון מלא בין הקונים. בניו ברל ושאול היו

חברים טובים שלי. כמה פעמים בשבוע הם היו מבקרים אותי. בליל שבת הם בקרו אותי באופן קבוע, אפילו בחורף במזג אויר הכי קשה, היינו מאד קשורים אחד לשני. שלושים ושבע שנים עברו ועדיין לא שכחתי אותם. לא מעט נשבר לי הלב מגורלם המר. ואין אני מסוגל לבוא לידי בטוי אפילו חלק קטן מגודל האסון שקרה להם.

שאול שתואר פניו כזוהר הרקיע אהבתי אותו כאח. הרבה מדות טובות היו לו.



לייבל אַרטמאַן



בערל אַרטמאַן

לצערי הרב הוא היה מראשוני הקרבנות של עירנו.

וגם ברל שתמיד הופיע בשחוק על שפתיו. תמיד דיבר על חיים מזהירים לעתיד ומה היה עתיד שלו.

אם מדברים בצער על כל אנשי עירנו, לפחות הם היו עניים, לא יכלו לעזור לעצמם, אבל משפחת ארטמן שהיו כל כך עשירים והכסף יכול היה להציל אותם והכל הלך לתמיון.

ה. י. ד.

## אריה יעקובוביץ

# שמואל זיינוול המל

שמואל זיינוול היה מוכר בכל העיר, הוא היה גר בחזית באמצע העיר ועל יד הבית שלו היה מעבר לבית החסידים דגור.

וחוץ מזה הוא היה גבאי מהחברה קדישא.

הוא היה מהמקצוע שלו חיט, אבל בפניו שלו אי אפשר היה להכיר שח"ו הוא מתבייש במקצועו. היו הרבה בעלי מקצוע שקצת התביישו שהגורל שלהם הביא אותם לעבוד במקצוע זה או אחר וזאת בושה להם להיות בעל מלאכה כי בעלי מלאכה רובם קבצנים ולהיות קבצן אין כל כך כבוד גדול.

ר' שמואל זיינוול הופיע בעבודתו כחייט בכל גופו. אצלו היה ככבוד לעבוד כבעל מלאכה ולהרויח את לחמו.

לר' שמואל זיינוול היתה הופעה נאה, גבוה עם חן יהודי, עם זקן ארוך, הוא היה הולך בבוקר ובערב להתפלל לבית הכנסת.

הוא היה בעל בית מכובד ותמיד היה אופטומיסטי. היה רגיל לומר בדיחה.

הוא ניצל ולא נשאר בביאלא רק נסע לבלגיה ושם נפטר.

בתו פייגה נמצאת בבלגיה. היא גם בקרה בארצנו. בתו הקטנה שהתחתנה עם חיים הולץ וגרה בארגנטינה, בקרה לפני כמה שנים בישראל.

אריה יעקובוביץ



משה — זון פון פייגע האַמעל — צוגענומען דעם 11־טן סעפטעמבער 1942. ער איז דאַן אַלט געווען 13½ יאָר.



**אַ שטיק פון איינער פון די לעצטע צעבראָכענע מצבות פון אונדזער געשענדעטן בית־עולם אין ביאַלע**



דער טאַטע, בעריש און דוד, די מאַמע מיט רחלען און פערל מיט 2 קינדער ד. ה. אברהמס ערשטע פרוי. דאָס קינד נעבן טאַטן הייסט מנשה און דאָס קינד ביי פערלען הייסט אסתר.



אברהם און שלום האַמעל, געשטאָרבן אין בעלגיע



דער גרויסער איז אברהמס זון מנשה און דער קליינער איז מיין אומגליקלעכער
זון משה, און די 3 מיידעלעך איז אברהמס און שלומס



אברהם, שלום, און פייגע האַמעל מיט איר מוטער ביים קבר פון
שמואל־זיינוול האַמעל (בעלגיע)



אַ גרופּע ביאַלער אין אַרגענטינע ביי דער בר־מצוה פון חיים האַלצס זון
בראש מיט יעקב־דוד שרייבשטיין ז״ל



אַ גרופּע ביאַלער יידן



צימה איזראעלעוויטש מיט איר טאָכטער



האָדעס צוקער מיט אירע צוויי זין — יאָסל און פּרץ.




יודל האַמעל, מאָטל טאַבאַטשניק און יאַמע ראָזענבוים ביי דער מצבה פון
לייבל מענצינג (לאָדזש, 1966)

### וועלוול גאָלדבערג — טאָראָנטאָ (קאַנאַדע

## גערעטעוועט אַ יידיש קינד

מענדעלע איז געבוירן געוואָרן, דעם 15־טן אויגוסט 1942, אין ביאַלע. זיינע עלטערן זענען געווען אַנטשל און עלקע גוויאַזדאַ. ער איז געווען ביי זיי דאָס דריטע קינד.



עלקע גוויאַזדאַ מיט איר זון וועלוועלע, די מוטער פון מענדעלע גוויאַזדאַ

מענדעלע איז געבוירן אין אַ שרעקלעכער צייט — די נאַציס האָבן דאָן געהערשט אין אָקופּירטן דורך די פּוילן. ווען ער איז אַלט געווען קוים דריי חדשים, האָבן די היטלעריסטישע מערדער באַשלאָסן צו ליקווידירן די יידן פון ביאַלע.

די עלטערן פון מענדעלען האָבן אים אָפּגעגעבן צו אַ פּוילישער פאַמיליע. די



מענדעלע גוויאַזדאַ־גאָלדבערג, נאָך דער באַפרייונג אין 1946, אין יידישן יתומים־הויז אין אָטוואָצק, פּוילן

זענען געווען שוסטער און געוווינט אין דאָרף כאַדנעוו. פאַרן אויסבאַהאַלטן אים האָט מען דער פּוילישער משפחה געגעבן לעדער.

די פּוילישע פאַמיליע האָט מענדעלען געהאַלטן אונטערן בעט, פאַרשפאַרט אין אַ קאַסטן. שפּעטער האָט די דאָזיקע פאַמיליע זיך באַזעצט אין וואַרשע.

ביים סוף פון דער מלחמה, נאָך דער באַפרייונג פון וואַרשע, ווען דער יידישער קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט דאָס אויסזוכן אויסבאַהאַלטענע יידישע קינדער, האָט מען מענדעלען געפונען אויף גראַניטשנע גאַס נומ. 14, נעבן טויער. אַזוי ווי ער



וועלוועלע, דאָס געראַטעוועטע קינד, היינט דאָקטאָר אין קאַנאַדע

איז געווען אַ געמלטער האָט מען אים אָפּגעשיקט קיין אָטוואָצק (נעבן וואַרשע) אין יידישן קינדערהיים.

זעקס וואָכן שפּעטער איז די פּוילישע פרוי (איך געדענק נישט איר נאָמען) געקומען אין קינדערהיים און דאָרט דערציילט וועגן מענדעלען אַלץ וואָס זי האָט



וועלוול גאָלדבערג, דער פאָטער פון מענדעלען

געוווסט וועגן אים, זיינע עלטערן און ווי זי האָט אים אויסבאַהאַלטן. זי האָט אים געשטעלט נעבן טויער אויף גראַניטשנע ווייל זי האָט געמיינט, אַז צוליב זיין שרעקלעכן אויסזען און געזונט־צושטאַנד אַלס רעזולטאַט פון שלעכטער דער־

נערונג וועט ער שטאַרבן. זי איז געקומען זען צי מענדעלע לעבט און דערביי דערציילט די גאַנצע געשיכטע.

איך האָב זיך צופעליק דערוווסט וועגן דעם, אַז מענדעלע לעבט פון אַ מיטגליד פון יידישן קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ.



רויזע גאָלדבערג, די מוטער פון וועלוול מיט איר טאָכטער עלקע

איך האָב פאַר מענדעלען גלייך געמאַכט אַ לעגאַלע אויפפאָדערונג און ער איז געקומען צו אונדז. מיר האָבן אים דערצויגן ווי אַן אייגן קינד.

היינט איז מענדעלע גוויאַזדאַ — גאָלדבערג אַ דאָקטאָר־מעדיצין



אייזיק גאָלדבערג, אומגעקומען אין רוסלאַנד אין די דרייסיקער יאָרן בעת דער סטאַליניסטישער ריניקונג

## מי שמקיים נפש אחד כאילו קיים עולם מלא (חז״ל)

װעלװל גאָלדבערג מיט זײַן פֿרוי האָט נאָך דעם גרױזאַמען חורבן פֿון דער 2־טער װעלט־מלחמה דערפֿילט אײנע פֿון די שענסטע און הומאַניטאַרע מענטש־לעכע פֿליכטן.

אין דער נאָװעלע פֿון י. ל. פּרץ „אויב נישט נאָך העכער״ איז דער רבי, אין אַ קאַלטער נאַכט אַנשטאָט צו סליחות געגאַנגען ברענגען אַ בינטל האָלץ — אַן אָרעמער, קראַנקער פֿרוי.

די משפּחה גאָלדבערג פֿון קאַנאַדע האָט אויפֿגעזוכט דאָס קינד פֿון ביאַלאַ־ראַװסקאַ, װעלכעס איז קוים אַלט געװען פֿינף יאָר און אים צוגענומען פֿון יתומים־הויז אין אַטװאָצק אַ קראַנקן און שװאַכינקן — זײ האָבן אָפּגעראַטעװעט דעם לעצטן שריד פֿון דער באַרימטער משפּחה גװיאַזדאַ־גאָלדבערג — מײַנע טײַערע יוגנט־חברים, און אים געגעבן אַ װאַרעמע, האַרציקע הײם — מיט ליכט און װיסן, אין װאָס דאָס קינד האָט זיך אַזוי גענויטיקט. זײ האָבן גענומען אויף זיך דעם חוב אים מגדל זײַן לתורה, לחופּה, ולמעשׂים־טובֿים. און זײ האָבן זײער ציל דערגרײכט.

מענדל גװיאַזדאַ־גאָלדבערג האָט געלערנט, געשטודירט און געענדיקט אַלס דאָקטאָר־מעדיצין. גלײַכצײַטיק איז ער אויף אײביק געבליבן זײער טײַערער זון.

װעלװל גאָלדבערג האָט אויך פֿיל מיטגעהאָלפֿן מאַטעריעל צום דערשײַנען פֿון אונדזער יזכור־בוך, װוּ מיר פֿאַראײביקן דעם אָנדענק פֿון אונדזערע קדושים פֿון ביאַלאַ־ראַװסקאַ.

**אליהו פֿרײדנרײַך**



וועלוול גאָלדבערג ביי דער מצבה פון זיין פאָטער, אין יאָר 1918

## זיסל קופערשמידט — תל־אביב

# דער גורל פון אַ מענטש

**אַלס נאָענטע פריינדין פון מענדעלעס מוטער עלקע, וויל איך איבערגעבן, אין קורצן, אַ ביסל זכרונות פון יענע גרויזאַמע טעג — דיליידן, וואָס עס האָט**



מענדל אַנטשל גאָלדבערג מיט די קינדער עלקע, סימה, מענדל און משה ביים קבר פון זיין פרוי און זייער מוטער

**איבערגעלעבט די משפחה גוויאַזדאַ ביים געבורט פון זייער זון — מענדעלע.**

**מענדעלעס בילד געפינט זיך ביי מיר, ווען איך קוק אויף אים, לעב איך כסדר איבער די אַלע שרעקלעכע, טראַגישע טעג פון יאָר 1942. איך זע פאַר**

מיינע אויגן דאָס ראַנגלען זיך פון דיינע עלטערן — געבוירן נאָך אַ קרבן פאַר היטלערן... זיי האָבן כסדר געטראַכט — וואָס טוט מען? צי זאָל מען מלן דאָס קינד, צי נישט?

מענדעלעס פאָטער, אַנטשעלע לויפט איבערן שטוב און ברעכט די הענט: — ניין, ניין! מיין קינד וועט נישט שטאַרבן אַלס קריסט און אויך נישט לעבן ווי אַ קריסט! איך וועל מאַכן אַן אמתן יידישן ברית כדת וכדין. מענדעלע מוז זיין אַ ייד. ער איז מיין זון און ער וועט זיין אַ שטאָלצער ייד, אַזוי ווי איך, אין די שרעקלעכע מינוטן...

מען האָט איינגעלאַדן פנחס שוחט, וועלכער איז אויך געווען אַ מוהל און געמאַכט מענדעלען פאַר אַ ייד — בלוטיק פאַרבונדן זיין גורל מיטן יידישן פאָלק.

די משפחה גוויאַזדאַ האָט נישט גערוט און געזוכט אַלע וועגן ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס קינד. זיי האָבן געפונען אַ קריסטין פון אַ דאָרף, וועלכע איז מסכים געווען אויפצובאַהאַלטן מענדעלען, פאַר אַ גרויסער סומע געלט. די מורא איז אָבער געווען צי זי וועט נישט צונעמען דאָס געלט און דערנאָך הרגענען דאָס קינד. איך האָב זיי געראַטן אָוועקצוגעבן מענדעלען, ווייל דאַן האָט מען שוין געוווסט, אַז אין געציילטע טעג אַרום פירט מען אַרויס אַלע ביאַלער יידן.

מיטוואָך, אין אַ מאַרק־טאָג, איז געקומען די קריסטין. איך האָב געעפנט דעם שאַנק און אַלץ, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפונען, איר אָפּגעגעבן. איך, מיט מיינע הענט, האָב מענדעלען אַרויסגענומען פונעם וואַרעמען בעטעלע, אַרויס־געריסן אים פון פאָטער און מוטער און אים איבערגעגעבן אין פרעמדע הענט...

די לעצטע מינוטן זענען געווען אויסערגעוויינלעך טראַגישע — די געוויינען זענען דערגאַנגען עד לב שמים... אַנטשל און עלקע האָבן דעם לעצטן קוש געגעבן זייער קינד און פאַרבליבן מיט טרויעריקע געדאַנקען און מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

כ׳האָב זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז מענדעלע וועט איבערלעבן די שרעקלעכע יאָרן און דערגיין צו אַזאַ הויכער שטופע — ענדיקן דעם אוניווער־סיטעט און ווערן אַ דאָקטאָר.

# לזכר מיין פאַרטיליקטער משפחה

איך, אליהו בן זלמן ויוספה פריידנרייך, דער איינציק־געבליבענער פון מיין גרויסער משפחה, וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם אין די קאַלך־אויוונס פון טרעבלינקע, פאַראייביק היינט אייער הייליקן אָנדענק אין אונדזער יזכור־בוך אַלס מצבת זכרון לכל הדורות!

אין מיינע אויערן קלינגט אייער לעצט אויסגעשריי: נעמט נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט!

מיינע טייערע עלטערן, 4 שוועסטער, 2 ברידער, 9 אייניקלעך.



מזכיר לנצח, הנוקם נקמת דם הקדושים הנשפך על מזבח האומה בידי מרצחי ופושעי האנושות את הורי ר' זלמן בן לייבוש פריידנרייך, אמי יוספה בת שלמה יצחק שוחט יאַנאָווסקי, אחיות שרה־מרים ומשפחתה, רבקה ומשפחתה, לאה־רויזע, פעסע ומשפחתם. אחינו עזריאל בן זלמן ומשפחתו, ליפע איידיל והילדים — אשר נספו בימי השואה בפולין במחנה ריכוז טרעבלינקה בשנת 1942.

האדמה שספגה דמם של טף וזקן, אל תהיה עוד לנחלה ולתקומה.

אליהו פריידנרייך, תל־אביב



יאָסעפאַ פריידנרייך מיט איר טאָכטער פעשע



1941 — ר׳ זלמן פריידנרייך מיט זיין איניקל (דאָס קינד פון זיין זון עזריאל ז״ל)



רבקה פריידנרייך מיט איר מאַן לודוויק גענאַדע



פעשע פריידנרייך מיט די קינדער פון רבקה פריידנרייך



לאה־רויזע פריידנרייך מיט איר מאַן מאיר לאַמשטיין



ליפע פריידנרייך מיט זיין פרוי איידל פראַנק



איידל פראַנק אַלס קראַנקן־שוועסטער



אליעזר דעמבינסקי, דער זון פון שרה מרים פריידנרייך מיט **טאשקעלע געגאַדע**



איידל פריידנרייך מיט איר טאָכטער, די פרוי פון ליפּע פריידנרייך

# פנחס בן שלמה יצחק שוחט

דערמאָנענדיק פּנחס שוחט ז״ל קאָן איך נישט דורכגיין נישט דערמאָנען זיין פאָטער — מיין זיידע ז״ל ר׳ שלמה־יצחק שוחט.

שלמה־יצחק שוחט איז געווען באַקאַנט ביי אונדז אין שטאָט אַלס גרויסער



פנחס שוחט

למדן און יראת־שמים — ער איז געזעסן טאָג און נאַכט און עוסק געווען אין תורה לשמו. אַ ייד אַ תלמיד חכם און געהאַט התר הוראה און געפסקנט שאלות.

דער נאָמען שלמה־יצחק שוחט איז געווען אַ שם־דבר. מען האָט זיך מיט אים שטאַרק געיחוסט און ער האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. אני הקטן בין נישט אומשטאַנד



מינדל יאַנאָווסקי

אָפּצושאַצן זיין גאונות און קענטעניש. זיין שטוב איז געווען פול מיט ספרי קודש און ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט קיין דברי חול.

ער האָט געהאַט 9 טעכטער און אַן איינציקן זון פנחס, וועלכער האָט אי־בערגענומען די ירושה פון זיידן אויף שחיטה. אויך דער פעטער פנחס איז געווען אַ טייערער האַרציקער ייד, אַ בעל טובה. ער האָט זייער שווער געקעמפט אַ גאַנץ לעבן פאַר דער עקזיסטענץ.

ווען דער זיידע שלמה־יצחק איז נפטר געוואָרן געדענק איך נישט גענוי. איך געדענק אָבער, אַז ס'איז געקומען דער רבי פון אַמשינאָוו און אים געמאַכט אַ הספד אין שול, ער האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

פון זיינע קינדער איז שוין קיינער נישטאָ, נאָר דריי אייניקלעך אין

ישראל און איינער אין אַמעריקע. אין אַמעריקע געפינט זיך אברהם פעפערקאָרן. אין ישראל — אויך דער שרייבער פון די שורות, יעקב הערשקאָוויטש און צוויי זין פון דער מומע העניע.

אַלע קינדער פון פנחסן: בלומע, לייבוש־משה, יאָסל, חיה, חנה, מנחם, מינדל זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

אליהו פריידנרייך



יאָסל פרידמאַן, חיים שוחטס זון



גדליה און שרה מרים שטובערט, געשטאָרבן אין געטאָ ביאַלאַ־ראַוווסקאַ



יאָמע שטובערט אומגעקומען אין טרעבלינקע



יאָסל שטובערט מיט זיין פרוי העלאַ, מיט זייער טאָכטער פייגעלע אומגעקומען
אין ביאַליסטאָקער געטאָ, אין יאָר 1942



מלך גאָלדבערג, שלמה יצחק שוחטס איידעם



דינה גאָלדבערג אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען
מיט דער גאַנצער פאַמיליע



גענענדל גאָלדבערג



האָדעס מאָגעלניצקי, די טאָכטער פון גיטל און חיימ'ל מאָגעלניצקי, טראַגיש אומגעקומען אין אַ דאָרף אונטער ביאַלאַ־ראַווסקאַ



יאָסל בן שלמה־יצחק קופּערשמידט, דער מאַן פון
גיטל גאָלדבערג



אברהם דיקאָפף מיט זיין פרוי טובה־רחל




מרים שטובערט בת של לעאָן ובלה שטובערט ביער של חסידי אומות העולם,
יד־ושם ע״י העץ של יאַן עליאַש מפולין



משה ראָזענבערג



אברהם אַרטמאַן — דער זון פון משה אַרטמאַן, דערמאָרדעט
געוואָרן אין דאָרף גזינקעוויטש



זעלצער — לאַנגיאָריקער לערער פון דער פאָלקס־שול אין
ביאַלאַ־ראַווסקאַ, געשטאָרבן אין געטאָ אין יאָר 1942



משה און זיין שוועסטער סימע טעוועלעוויטש



רבקה גאָלדבערג — די מוטער פונעם פאַרשטאָרבענעם קדוש בינעם גאָלדבערג
די פרוי פון בעריש גאָלדבערג



משפחה שומאַן — נתן, שלום, הערשל, רבקה מיט די קינדער און די מוטער גיטל



הרשל בן ישראל וחנה אסתר הרשקוביץ, אשר נרצח על־ידי מרצחים פולניים בכפר ליד ביאלה־ראווסקה. אשתו זיסל לבית לייזעראָוויטש יחד עם בתו חנה׳לה ניצלו ונמצאים בישראל. יש לציין כי חנה׳לה הינה הילדה היחידה אשר ניצלה ונותרה בחיים מכל ילדי העיירה ביאלה־ראווסקה.



משה פרנק, זון פון אברהם פנחס, מיט זיין פרוי אין טאָג פון זייער חתונה



קלמן רעפשטיין מיט זיין פרוי הינדע מיט זייער קינד, אומגעקומען אין טרעבלינקע



חנה טעלערמאַן און מרים ראָזענבוים ביי דער לעצטער מצבה אויפן בית־הקברות
אין ביאַלע ראַווסקע



שלא תשכח נשמתי...
וואס איך פארלאנג און קום אייך בעטן,
איר זאלט נישט דורכגיין און פארמיידן...
מען קאן די מתים שוין ניט רעטן —
טא ראטעוועט ארויס דאס ליידן.
איך גיב אייך איבער מיין צוואה
פאר ציַיטן אנדערע... און פרידן,
איר זאלט געדענקען די השפעה
און דעם באדייט פון יענע אידן.
איר זאלט מיט ליד און שכינה־צארן
מיט בלוט באוויינען די אבידה,
ווייל גאט אליין האט איצט פארלארן
די בעסטע דאווענערס פון זיין עדה.
די שולן אונזערע — רואינען,
און די בית־עלמים, וועלכע שרעקן,
איר וועט געניג, געניג געפינען
וואס קאן באגייסטערן און וועקן.
אויף דורות־לאנג זאל עס פארבלייבן,
אויף אייביקייטן צו דערציילן...
אויף פארמעט קריצן און באשרייבן
דעם אונטערגאנג פון אידיש־פוילן.
ז. סעגאלאוויטש
צום קינדער־ליד „נישטא“

מיר געדענקען זיי שטענדיק

מיר באַוויינען זיי,

צוזאַמען מיט אַלע קדושי ישראל,
אומגעקומענע אויף קידוש השם און
דערמאָרדעטע דורך די דייטשע רוצחים
און זייערע העלפערס

# אין זכרון פון די קדושים

# רשימת קדושי ביאלה־ראווסקה

## א.

אברמוביץ יידל
אברמוביץ משה
אַמביס משה
אמביס דוד
אמביס פעסע
אמביס חונא
אמביס ישראל
אמביס בריינדל
אמביס שלמה
אמביס פסח
אמביס חונא
ארטמן שלמה
ארטמן אסתר
ארטמן שאלע
ארטמן לייבל
ארטמן שאלע
ארטמן בערל
ארטמן משה
ארטמן אברהם
ארטמן יחיאל
ארטמן לייביש
אמזל ליבה
אמזל אברהם
אמזל הינדה
אלברט משה
אלברט שמואל
גלברט יחיאל
אייזנברג יוסף
אייזנברג אהרון
אייזנברג בעריש
ארליך אברהם
ארליך משה־זלמן
ארליך לייביש
ארליך חיים
ארליך בעריש
ארליך יוסף
אוסטרוביצקי יחזקאַל
אמבוס אברהם
אמבוס פיגה
אמבוס פרידה
אמבוס פריוה
אמבוס אסתר
אמבוס חנה
אברמוביץ דוד
אברומוביץ סימה
אברמוביץ משה

## ב.

בורשטיין לייבקע
בורנשטיין משה
בורנשטיין אברהם
בורנשטיין חנה

| | |
|---|---|
| בורנשטיין העניע | גלברט פייגה |
| בירנבך יעקב | גוויאזדה אנטשל |
| בירנבך פייזול | גוויאזדה אלקה |
| בנזל יעקב | גוויאזדה וועלוול |
| בנזל מיכאל | גוויאזדה ברטה |
| בנזל מנשה | גוויאַזדה הערש |
| בנזל יעקב | גוויאזדה גיטל |
| בענזל איטשע־מאיר | גוויאזדה אביגדור |
| ברלינסקי שמעון | גוויאזדה שלמה |
| ברלינסקי אברהם | גלברט שמואל |
| בנזל אברהם אלי | גלברט ביילה |
| בנזל גיטל | גלברט חיה |
| ג. | גלברט ישראל |
| גולדברג רוזה | גרינשפס יונה |
| גולדברג עלקע | גרינשפס לאה אלקה |
| גולדברג וולף | גרינשפס אלישבע |
| גולדברג אנטשל | גולדברג אלימלך |
| גולדברג פייגה | גולדברג דינה |
| גולדברג מוטל | גולדברג יהודה לייב |
| גולדברג רבקה | גולדברג יוסף |
| גולדברג בעריש | גולדברג חייקה |
| גולדברג בינם | גולדברג צפורה |
| גולדברג יעקב־דוד | גולדברג גיננדל |
| גולדברג שלמה | גולדברג גיטל־לאה |
| גולדברג ישראל | גורפינקל איטשע |
| גולדברג אלחנן | גורפינקל הדס |
| גולדברג משה | גרינוואַלד דוד |
| גולדברג מוטל | גרינדולד דבורה |
| גולדברג שרה־ביילע | גרינדולד אסתר |
| גולדברג מאיר יחיאל | גרינדולד בלומה |
| גולדברג אייזיק | גרינדולד ווצ"צ |
| גלברט מרדכי | גרינדולד יעקב |

גרינדולד לאה
גרינדולד משה
גרינדולד שמואל
גוטהרט אפרים
גוטהרט נחה
גוטהרט בצלאל
גלברט זכריה

## ד.

דרוואל משה וולף
דרוואל יוסף
דרוואל יעקב
דיקופף רבקה
דיקופף אברהם
דיקופף טיבה רחל
דיקופף מאָטל
דיקופף אברהם
דיקופף הענדל
דיקאָפף יעקב

## ה.

הרשקוביץ אביגדור
הרשקוביץ משה
הרשקוביץ הערשל
הרשקוביץ לאה
הרשקוביץ שרה
הרשלינקוביץ פוצ׳וק
הרשליקוביץ שלמה
הרשלינקוביץ חילקה
הרשפינגר יעקב
הרשפינגר בלומה
הרשפינגר שמואל
הרשפינגר דבורה
הרשפינגר וולף
המר שמואל
המר מרים נחה
המר יוסף
הופמן חיים
הופרנונג אברהם
הופרנונג טובה
הולץ משה דוד
הולץ חנה רבקה
הולץ משה־יאָסל
הולץ צימה
האמל מאיר
האמל מאָטל
האמל פסה־לאה
האמל משה
האמל רחל
האמל איטשע
האמר פיגה
האמר יעקב

## ו.

וועבר משה קאָצקער
וועבר לייבל
וועבר חנה
וועבר ריקל
וועבר פנחס
וויגדורוביץ אהרון
וויגדורוביץ איטשע
ווינר משה
ווינר ליבה
ווינר רבקה

ווינר חיה
וועבר וולוול
וועבר צימה
וועבר שרה
וועבר מענדל
וועבר יצחק
וועבר יהושע
וועבר וולף

## ז.

זטלניצקי זלמן
זטלניצקי הינדע־רייזל
זטלניצקי פערל
זטלניצקי חיים־וואָלף
זטלניצקי אדזה
זטלניצקי רייזל
זטלניצקי דבורה
זארומב ברל
זארומב מאקה
זארומב אלישבע
זינגר מאיר
זינגר חוה
זינגר פייגה
זלצר חיים
זידה ברל
זידה טובה
זידה שלמה
זידה טובה
זעלמאַן חיים
זעלמאַן רחל
זעלמאַן יוסף
זעלמאַן סימה
זעלמאַן יחיאל
זידה משה
זידה שרה
זידה פיגה
זידה פישל
זידה יצחק
זימלר איטשע
זימלר יוסף
זימלר וולוול
זימלר לייביש
זימלר יעקב
זימלר נח
זימלר מנחם
זימלר טובה
זימלר דבורה
זימלר יחיאל
זימלר ישראל

## ט.

טוגטמן משה
טוגטמן הרש בונם
טוגטמן יוסף
טוגטמן איטשע
טופלוביץ משה
טופלוביץ צימה
טבצניק יעקב
טבצניק איטשע
טבצניק לייביש
טבצניק חוה רייזל
טבצניק ריקל
טבצניק צימה
טבצניק יעקב
טבצניק ציפה

### י.

יזראלביץ נפתלי
יזראלביץ צימה
יזראלביץ פייגה
יאסעלעוויטש נחום
יאסעלעוויטש חנה
יאסעלעוויטש רבקה
יאסעלעוויטש ליפא
יאסעלעוויטש יוסף
יאסעלעוויטש אברהם
יאסעלעוויטש פערל
יאסעלעוויטש ישראל
יעקובוביץ מרדכי דוד
יעקובוביץ ישראל־חיים
יעקובוביץ משה
יצקוביץ יוסף לייב
יצקוביץ ראצה
יצקוביץ פערל
יצקוביץ ליפה
יצקוביץ שרה
יצקוביץ חיה
יצקוביץ הנוך
יצקוביץ וועלוול
יצקוביץ רבקה
ינובסקי פנחס
ינובסקי לאה אלקה
ינובסקי בלומה
ינובסקי לייביש משה
ינובסקי מינדל
ינובסקי יוסף
ינובסקי חיה
ינובסקי רבקה
ינובסקי מנחם
ינובסקי חנה

### ל.

לסקי גדליהו
לסקי יעקב
לסקי וועלוול
לסקי אברהם
ליזרובץ לוי
ליזרוביץ שמואל
ליזרוביץ איטקה
ליזרוביץ יעקב שמואל
ליזרוביץ חנה
ליזרוביץ שינה
ליזרוביץ לאה אלקה
ליזרוביץ רחל
לוקסנבורג בלומה
לוקסנבורג פערל
לוקסנבורג משה
לוקסנבורג יחיאל מאיר
ליזרוביץ לוי
לבקוביץ אברהם
לבקוביץ חונא הרש
לבקוביץ פרידה ברכה
לבקוביץ איטה גיטל

### מ.

מוגלניצקי אברהם
מוגלניצקי משה
מוגלניצקי אמזיק
מוגלניצקי רבקה
מוגלניצקי מרדכי יעקב

מוגלניצקי פיגה
מאזלשה ברוך
מאזלשה שמואל
מאזלשה דוד
מאזלשה אברהם
מאזלשה אליעזר
מאזלשה דוד
מאזלשה חיה
מארכעוו איטשע דוד
מארכעוו ישראל
מארכעוו בריינדל
מארכעוו גודל
מארכעוו הערשל
מארכעוו נחה
מילר רפאל
מילר משה
מילר וועלוול
מילר יוסף
מנצינג שמשון
מנצינג לוי
מנצינג אברהם
מענצינג יעקב
מנצינג לייבל
מענצינג רייזל
מיצנמכר יעקב
מיצנמכר טמה
מיצנמכר איטה
מוגלניצקי יוסף אייזיק
מוגלניצקי חיימל
מוגלניצקי יוסל
מוגלניצקי אברהם
מוגלניצקי האָדעס

## נ.

ניפלד איטשע
ניפלד ציפה
נימן חיה
נימן פישקע
נימן פיגה

## פ.

פרישמן איטה
פרישמן שמעון
פרישמן משה
פילוסוף משה חיים
פילוסוף פישל
פילוסוף בילה מלכה
פילוסוף דוד
פילוסוף חנה
פילוסוף הערשל
פינגנהארט באצה
פינגנהארט משה
פינגנהארט פרימצה
פינגנהארט אברהם
פיטל משה
פיטל ציפה
פיטל אברהם
פיטל יוסל־מאיר
פלוצקר משה יוסף
פויגל דוד
פויגל פרל
פויגל הערשל
פויגל גולדה
פויגל יחזקאל
פשיטיצקי רחל
פשיטיצקי פסח

פשיטיצקי משה יוסף
פראַנק משה אהרן
פראַנק פרימט
פראַנק ישראל הערש
פראַנק שמואל
פראַנק יידל
פראַנק רחל
פראנק אברהם־פנחס
פראַנק חיה
פראנק יוסף דוד
פראַנק אסתר
פראַנק אידל
פראַנק משה
פראַנק שמואל אלי
פרנק ראיילה
פרנק לייבל
פרנק חיימל
פריימן וולף
פריימן פיגה
פרימן אברהם
פרישמן שמואל
פכטר חיים זעליג
פכטר פסח
פכטר ירחמיאל
פויגל משה
פויגל הערשל
פשיטיצקי בערל
פשיטיצקי אידל
פשיטיצקי חיה רחל
פשיטיצקי יצחק־חיים
פשיטיצקי יעקב
פשיטיצקי יצחק־חיים

פשיטיצקי חיים דוד
פשיטיצקי יעקב
פשיטיצקי פנחס
פשיטיצקי יידל
פשיטיצקי משה יוסף
פשיטיצקי אברהם מרדכי
פשיטיצקי פסח
פשיטיצקי שלמה יוסף
פשיטיצקי רחל
פרידמן חיים
פרידמן אליהו
פרידמן טובה
פרידמן יחיאל
פרידמן לאה
פרידמן יוסף
פרידמן ינטה
פרידנריך אברהם
פרידנריך בילה לאה
פרידנריך ישראל

**צ.**

צוקר זלמן
צוקר הדס
צוקר יוסף
צוקר פרץ

**ק.**

קלינמן ריבה
קלינמן מלכה
קיפרשמידט משה
קופערשמידט בריינדל
קופערשמידט אברהם
קיפערשמידט גדליהו
קיפרשמידט יוסף

קיפרשמידט שלמה יצחק
קלינמן אברהם
קלינמן איטשע
קלינמן מלכה
קלינמן ליבה
קריסד טילה
קריסד יוסל
קיכלר מאָטל
קיכלר שמואל
קיכלר פיגה
קופר מרדכי דוד
קופר גאָלדע
קופר יאָמע
קופר שרה

## ר.

רמבלסקי רבקה
רמבלסקי יוסף
רייך מאיר
רייך ריקל
רייך משה
רייך פרידה
רויטמן יצחק
רויטמן אסתר
רויטמן מענדל
רויטמן דבורה
רוסקה לייב
רוסקה יעקב
רוזנפרל מנדל
רוזנפרל מוטל
רוזנפרל רבקה
רוזנפרל בלומה
רובנשטין פייוול
רובנשטין יעקב
רובנשטין רחל
רובינשטין אברהם
רבינבך זלמן
רבינבך רילה
רוזנברג משה
רוזנברג וולוול
רוזנברג יעקב
רוזנברג איטשע
רוזנברג יומה
רוזנברג משה
רוזנברג חיה
רוזנברג בונם
רובין מנדל
רובין משה מאיר
רפשטיין שמואל
רפשטיין משה
רפשטיין אהרון
רפשטיין גיטל
רפשטיין רחל
רפשטיין קלמן
רפשטיין הינדה
רפשטיין יעקב
רפשטיין רבקה
רפשטיין הערשל־נאָטע
רפשטיין הינדה רייזל
רפשטיין איטשע בער
רפשטיין פערל
רבקה יצחק משה
רוזנבלום אברהם

ש.

שטימן חנוך
שטימן הינדה
שטימן רייזל
שטימן מינדל
שטימן דבורה
שטימן מאיר חיל
שטימן מנדל
שטימן שיינדל
שטימן דוד
שומאן מאיר
שומאן שרה
שטשיגל נטע
שטשיגל אידס
שומן משה
שומן חנה
שומן מרים
שומן מאיר
שטיברט גדליה
שטיברט מירל
שטיברט פיגה
שטיברט הלה
שטיברט פיגה
שטיברט בצלאל
שטיברט ליפה
שטיברט אלישבע
שטיברט פריידה
שטיברט נחמן
שטיברט פיגה לאה
שומן נתן
שומן גיטל
שומן רבקה
שומן יעקב
שומן הערשל
שוואַכמן חיים
שוואכמן פרידה
שוואכמן יעקב
שרייבשטיין פריידל

## צוגאָב-רשימה

ביעלסקי מענדל
ביעלסקי הענע־מלכה
ביעלסקי לייביש
ביעלסקי שיינדל
טעלערמאַן זיסמאַן
טעלערמאַן חיה
טעלערמאַן משה
מרקוביץ אברהם
מרקוביץ פריידע
מרקוביץ חיים
מרקוביץ שמואל
מרקוביץ איטשע
מרקוביץ לאהטשע
מרקוביץ אלי
פריידנרייך זלמן
פריידנרייך יוספה
פריידנרייך שרה־מרים

| | |
|---|---|
| פריידנרייך עזריאל | ראמבאלסקי מענדל |
| פריידנרייך רבקה | ראמבאלסקי פישל |
| פריידנרייך לאה־רויזע | ראמבאלסקי מענדל |
| פריידנרייך ליפע | ראמבאלסקי יוסל |
| פריידנרייך פעסע | ראמבאלסקי מרים |
| פרנק לייב־בער | בלושטיין יחיאל־מאיר |
| פרנק קיילע | בלושטיין טוביה |
| פרנק גיטל | בלושטיין חיה |
| פרנק פייגע | בלושטיין אריה |
| פרנק יוסף | שטובערט גדליהו |
| פרנק פנחס | שטובערט שרה־מרים |
| פרנק דינה | שטובערט חנה |
| פרנק יענטע | שטובערט יוסל |
| קוזעניצקי פריידל | שטובערט העלאַ |
| קוזעניצקי שיינדל | שטובערט יאָמע |
| קוזעניצקי גאָלדע | שטובערט פריידע |
| קוזעניצקי פערל | שטובערט משה |
| קוזעניצקי משה | פורטנער מרדכי |
| קוזעניצקי לייבוש | פורטנער שרה |
| ראזענבוים משה און פרוי | פורטנער מרים |
| ראזענבוים יעקב | פורטנער פנחס |
| ראזענבוים פריידע | פורטנער אברהם |
| ראזענבוים רייזל | פורטנער זלמן |
| ראמבאלסקי שלמה | פורטנער חיים |
| ראמבאלסק שרה | |

# רשימת יוצאי ביאלה־ראווסקה שנפטרו בישראל ובתפוצות ז״ל

## במדינת ישראל

**פנחס זימלער**
**מלכה זימלער**
**איידל שומן מבית פרנק (אשתו של וואלף שימן)**
**משה ביעלסקי, נפטר 21.10.1969**
**שושנה יעקובוביץ (אשתו של יעקובוביץ לייביש)**
**פנחס בנזל**
**נתן שומן (אח של וואלף שומן)**
**רבקה גרינוולד**

## בארצות הברית

**פיליפס שמואל (פילעזאף)**
**וועבער יוסף־מאיר**
**פעפערקארן יחיאל־מאיר**
**פרנק אברהם**

## בארגנטינה

**שרייבשטיין יעקב־דוד**

## בפולין

**פנחס־מאיר פלאַצקער**
**לייביש מענצינג (פיינדערא)**

## ועד הספר יזכור לקדושי ביאלה ראווסקה בישראל



לייביש יעקוביץ



אליהו פריידנרייך



הערשל אַרטמאַן



יעקב הערשקאָוויטש



ישראל־לייב שטובערט

# נאָכבאַמערקונג

מיר דריקן אויס אונדזער דאַנק און אַנערקענונג אַלעמען אין מדינת ישראל און אין די תפוצות, וואָס האָבן צוגעהאָלפן ביים רעאַליזירן אונדזער הייליקע אויפגאַבע — אַרויסצוגעבן דעם ספר יזכור פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה — דורך שרייבן זייערע זכרונות, צושיקן און זאַמלען מאַטעריאַלן, און פאַר זייער מאַטעריעלער הילף. אַ גרויסן יישר כוח פאַר זייער גרויסער הילף — פרוי רויזע־פערל האַלפערין און ה׳ וועלוול גאָלדבערג.

ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון אַרויסגעבן אונדזער יזכור־בוך — אין 1965 יאָר, ביי דעם קבלת־פנים פאַר דער פאַמיליע האָלץ — און עס זענען געשאַפן געוואָרן די ערשטע געלט־מיטלען, האָבן מיר זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז מיר וועלן דאַרפן בייצוקומען אַזויפיל שוועריקייטן. די לאַסט האָבן געטראָגן געציילטע, איבערגעגעבענע חברים און זיי האָבן אַלץ געטאָן, כדי אויספירן בשלימות זייערע פליכטן. מיר באַדויערן אָבער וואָס צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן און באַגרענעצטע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן האָט זיך אונדז נישט איינגעגעבן אויס־צונוצן אַלע צוגעשיקטע מאַטעריאַלן און פאָטאָגראַפיעס.

מיר גלויבן, אַז די מאַטעריאַלן און בילדער, וואָס זענען יאָ אַריין אין אונדזער יזכור־בוך זענען אַ וויכטיקער ביישטייער צו דער פאַראייביקונג פון אונדזער שטעטל ביאַלע־ראַווסקע.

**רעדאַקציע**

# אינהאַלט:

זייט